№ 35. צווייטער יאהרגאנג

# יודישע
# פאלקס-צייטונג.

26 August 1903. פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא. ג' אלול תרס"ג.

אינהאלט: א וויכטיגע בעשטימונג; ז. — די רוסישע צייטונגען וועגען ד״ ארבייטער-סטאטיסטיק. — פאליטישע ענינים. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס; II יודישע נייעס; III ציוניסטישע נייעס. — ספרים (סקיצע); אברהם רייזען. — מיין מלאכיל (שיר); א. האפענשטיין. — זעקס א קאפיקע (ערזיינערונגען); משה טייטש. — וואס זאלען מיר עסען און טרינקען?; פ. קאנטראוויטש. — אלטניילאנד; משה קליינמאן. — אלערליי.

יודישע פראוויגצוועלט: I אלגעמיינע נייעס; II יודישע נייעס. — וועגען פרויען ערציעהונג; נ. מולנער. — מודעות.

פעליעטאן: אין די וואראמבעדער; שלום-עליכם.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“ איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הילף“

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן און העברייאיש און אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצואַרבייטען אין זאמעל-בוך „הילף“: נישט יודישע שריפט-שטעלער: לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעכאוו; עליזא אזשעשקא; ראשעל חין; פראפעסאר באזשענאוו.

יודישע שריפטשטעלער: מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ח. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער; יהודה שטיינבערג; ליפמאן לעווין; א. רייזען; ל. יפה; א. ש. זאקס.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“.

Nr. 35. | Jüdische Volks-Zeitung | צווייטער יאהרגאנג.

**אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:**
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פירטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 5 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס־צייטונג
## א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушiя" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מיגדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

**אבאנאמענטס־פרייז:**
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פירטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

26 August 1903. | Nr. 35. | ג' אלול תרס"ג.

## א וויכטיגע בעשטימונג.

אין דער זיצונג פון דער קאמיסיע, וואס האט צו אויסארבייטען די תקנות פון נאציאנאל־פאנד, איז בעשטימט געווארען, אז קוים וועט דער פאנד בעשטעטיגט ווערען פאר א „יוריסטישע פערזאן", ד. ה. פאר איין אנשטאלט, וואס קאן אויף זיין אייגענעם נאמען מאכען געשעפטען, וועט ער אנהויבען קויפען לאנד אין פאלעסטינא.

דער דאזיגער הסכם פון דער קאמיסיע איז, נאך אונזער מיינונג, זעהר וויכטיג אונ בעדארף ביי יעדען ציוניסט זיין זעהר אנגעלעגט, ווייל דורך דעם מאכט דער ציוניזם א גרויסען טריט אויף פאָרוועירטס אונ געווינט פיעל נייע פריינד.

צווישען די טענות, וואס די געגנער פון ציוניזם טענה'ן אויף איהם, הערען מיר אויך זעהר אפט די טענה, אז דער ציוניזם שטרעבט צו א ציל, וואס איז זעהר ווייט: שאפען אין פאלעסטינא פאר'ן יודישען פאלק א היים, וואס זאל זיין „עפענטליך רעכטליך", ד. ה. אפען בעשטעטיגט פון אלע רעגירונגען. „אויף דעם — אזוי זאגען די געגנער — וועט מען בעדארפען צו לאנג ווארטען. ניט אזוי געשווינד וויל דער סולטאן געבען יודען בעזונדערע זכיות אין פאלעסטינא, אונ ניט אזוי באלד וועלען אלע רעגירונגען דאס בעשטעטיגען".

אונ די טרייע אנהענגער פון ציוניזם, וועלכע האלטען פעסט אן דעם כלל, אז מיר בעדארפען ניט קומען אין פאלעסטינא ווי אריינגעגנב'עט, נאר אפען מיט דעם „טשארטער" פון דער טערקישער רעגירונג אונ מיט דער בעשטעטיגונג פון אלע מלוכות, זענען מודה, אז דאס איז א זאך, וואס קאן זיך אוועקציהען אין דער לאנגער באנק אריין, קאן געדויערען א דור אונ צוויי, אונ אפשר נאך מעהר. אונ ווייל א ווייטער ציל האט ניט כח, צוצובינדען צו זיך אויף לאנג, על כן האבען זיי די פראגראמע פון ציוניזם אויסגעשפרייט אונ פארגרעסערט; זיי האבען אין איהר אריינגעבראכט די ערציהונג פון פאלק, די קולטור, די קערפערליכע אונ גייסטיגע אויפהייבונג פון יודען. „עס וועט טאקי אפשר געדויערען — אזוי זאגען די אנהענגער — ביז מיר וועלען דערגרייכען דעם לעצטען ציל, דעם עפענטליך־רעכטליכען היים אין פאלעסטינא, אבער ביז דאמאלס טארען מיר ניט זיצען לעדיג, מיר בעדארפען פארברייטען אונזער פאלק, עס זאל זיין פעהיג צו פיהרען א נייע לעבען; מיר בעדארפען איהם ערציהען, געזונט מאכען, שטארקען זיין קערפער אונ זיין גייסט, דערוועקען זיין ערקענונג, דעם געפיהל פון אייגענער אכטונג, די ליבשאפט צו אלץ וואס איז זיין אייגענס אז"וו. אונ אין איין וועגס בעדארפען מיר ניט אויפהערען זיך סטארען אויפ'ן פאליטישען וועג, צו בעקומען דעם עפענטליך רעכטליכען היים: קלויבען געלד פאר דער קאלאניאל־באנק, אונטערהאנדלען מיט דער טערקישער רעגירונג אונ געווינען פאר אונזער זאך די קריסטליכע וועלט מיט איהרע רעגירונגען".

צוליב דעם „עפענטליך־רעכטליכען היים" איז געווארען א שפאלט צווישען די ציוניסטען אונ די פריהערינע חובבי־ציון, וואס ווילען ביסלעכווייז אונ שטילערהייט פארגרעסערן די יודישע בעזעצונג אין ארץ־ישראל. אמת, דער שפאלט איז ביים פיערטען קאנגרעס פארלעגט אונ פארשטעקט געווארען, עס איז געווארען א פאראייניגונג צווישען די ביידע פארטייען, וואס ליבען ציון אונ שטרעבען צו איהר; אבער דער שפאלט איז נאך היינט אויך קענטיג. שלום איז נאך ניט קיין ליבשאפט איינער צום אנדערען, אונ די „חובבי ציון" האבען נאך אויף א האר ניט נאכגעלאזט פון זייער פאדערונג, אז מען זאל דערווייל קויפען אונ קויפען לאנד אין פאלעסטינא אונ פארמעהרען די צאהל פון די יודישע קאלאניעס.

נאכגעגעבען האבען דאגעגען די ציוניסטען דורכ'ן נאציאנאל־פאנד, וועלכער איז געגרינדעט געווארען טאקי צו דעם צוועק: קויפען לאנד אין פאלעסטינא. די ציוניסטען האבען איינגעזעהן, אז זיי בעדארפען שוין אנהויבען טון עפיס אין ארץ־ישראל, אונ ניט יוצא זיין מיט דער פאליטישער ארבייט אליין.

„קויפען די ניט־בעארבייטע ערד ביי די נאכלעסיגע אראבער...

איז איצט ווייט ניט שווער. נאר מיר מוזען זיך באלד דערצו נעמען; מיר קענען דאס ניט אבלעגען אויף שפעטער, מיר קענען ניט ווארטען ביז ווירקליך אלע יודען פון אלע גלות-לענדער וועלען זיין פאראייניגט אונ זיך צילען אין ציון. מיר קענען ניט ווארטען ביז עס וועט שוין קומען דער געווינשטער פאליטישער מאמענט, ווען טערקיי וועט אונז ערלויבען אויף געוויסע גאראנטיעס קאלאניזירען ארץ-ישראל, מיר קענען אויף דאס לעצטע ניט ווארטען, ווארום דאס לעצטע וועט מיט דער צייט געוויס זיין, אונ די ערד קענען מיר דערווייל אנגעווערען. דער שטן קאן מיט אונז אזוי שפילען, אז אין דער צייט וואס מיר וועלען שוין האבען די ערלויבניש פון טערקיי צו בעזעצען ארץ-ישראל, זאלען מיר דארט געפינען פרעמדע בעלי-בתים..."
("גאולת הארץ" וועגען נאציאנאל-פאנד).

אזוי האבען געזאגט די ציוניסטען אונ געמאכט א וויכטיגען שריט פארווערטס, גרינדענדיג דעם נאציאנאל-פאנד.

איינע פון די פאנד-תקנות איז אבער געוועזען, אז צוזטרעטען צו קויפען לאנד אין פאלעסטינא קאן מען ערשט, ווען אין פאנד וועט זיין א קאפיטאל פון צוויי מיליאן רובל ניט ווייניגער. אונ דער פונקט האט ווידער ארויסגערופען געגנערס, וואס האבען געטענה'ט: עס איז צו לאנג צו ווארטען. עס וועט לאנג געדויערען ביז דער פאנד וועט פארמאגען גאנצע צוויי מיליאן. אונזער פאלק חאפט זיך ניט אזוי געשווינד, צו געבען די מיליאנען. דאס האט אונז שוין געוויזען די קאלאניאל-באנק, וועלכע האט קוים, מיט די גרעסטע שוועריגקייטען, צונויפגעקלאפט די ערשטע פאר מיליאן, כדי זי זאל קענען אנהויבען ארבייטען. אויב מיר וועלען ווארטען ביז דער פאנד וועט ווערען א "מיליאנער", קענען מיר דערווייל פארזוימען פיעל גוטע געלעגענהייטען, צו קויפען שטיקער לאנד אין גלייכען געלד. מיר מוזען באלד אנהויבען טון אין דער זאך.

די פראגע האט שוין בעשעפטיגט דעם מינסקער קאנגרעס. די ארטאדאקסישע ציוניסטען, די "מזרחים", האבען דאמאלס געפאדערט שטארק, מען זאל איבערמאכען די תקנות פון נאציאנאל-פאנד, אזוי אז מען זאל שוין קענען אנהויבען קויפען ערד אין פאלעסטינא. די "מזרחים" האבען מודיע געוועזען, אז אויך אויפ'ן באלדיגען זעקסטען קאנגרעס וועלען זיי דאס זעלבע פאדערען.

אונ אז די קאמיסיע פון נאציאנאל-פאנד האט אליין איינגעזעהן, אז מען מוז מבטל זיין די ערשטע תקנה פון די צוויי מיליאן, נאר תיכף, ווי דער פאנד וועט בעשטעטיגט ווערען (אין ענגלאנד) אלס יוריסטישע פערזאן, זאל ער שוין אנהויבען קויפען לאנד — האט די קאמיסיע ערפילט דעם רצון פון פיעל פיעל מענשען. איהר וועלען דאנקען אלע חובבי-ציון; איהר וועלען געבען א יישר כח אלע ארטאדאקסע מזרחים, אונ — ווער ווייסט, אפשר דורך דער בעשטימונג וועט ניט איין געגנער אריבערגעהן צו דעם ציוניסטישען לאגער.

אמת, די בעשטימונג פון דער נאציאנאל-פאנד-קאמיסיע בעדארף ערשט בעשטעטיגט ווערען דורכ'ן זעקסטען קאנגרעס. מיר זענען אבער זיכער, אז דער קאנגרעס וועט דערויף מסכים זיין. דאס רוב פון די דעלעגאטען וועט געוויס זיך ארויסזאגען פאר באלד קויפען לאנד אין ארץ ישראל.

ז.

## די רוסישע צייטונגען וועגען די ארבייטער-סטאטשקעס.

דער רעדאקטאר פון "גראזשדאנין" פירשט מעשצערסקי שרייבט:

היינט האב איך בעקומען א בריף פון אדעסא, אין וועלכען מען איז מיר מודיע דעם דאזיגען פאקט: די ארבייטער האבען זיך געווענדט צו די אדעסער נאטשאלסטווע מיט דער בקשה, מען זאל זיי נאכגעבען די אונ די פונקטען. אנשטאט דורכצוקוקען מיט אויפ־

# פעליעטאן.

## אין די ווארמבעדער

(בילדער, טיפען, באנעגענישען, צרות אונ פארגניגען.)

פון

### שלום-עליכם.

ה.

ווידער נערוועז, — א גרינער לולב פון אדעס. — חיה עטיל בלאזט זיך. — א רפואה צו דער מכה: די מומע נחמה פון אצעלעס. —

ביז מיר זענען געקומען קיין וויען איז מיין חיה עטיל (פאר צרות אפנים) קראנק געווארען אויף דער רעכטער אמת אונ האט מיר פארשטערט די נסיעה צום ערשטען ארויספאהר. וואס איהר איז געוועזען, איז שווער צו זאגען; די נערוועז האבען זיך איהר אזוי צעשפילט, אז מע האט דאס נעקאנט ארויסזעהן אויף מיר. לאכט ניט; א מענש וואס האט א ווייב מיט נערוועז דערקענט מען דאס ביי איהם אויפ'ן פנים. ווייזט מיר וועמען איהר ווילט דאס ערשטע מאל אונ לאס איך מיט איהם רעדען א צוויי ווערטער וועל איך אייך באלד זאגען, צי זיין ווייב האט נערוועז צי ניין... מע בעדארף דערצו האבען א געניט אויג...

מיטלען צו נערוועז זענען פארהאן אסך אונ אלע טויגען אויף כפרות, דאס בעסטע פון אלע מיטלען — מע זאל לאזען צורוה, אונ אזוי טהו איך טאקי. וואס זי זאל מיר ניט זאגען ענטפער איך איהר ניט דאס אנדערע ווארט. איך נעם אן אפילו מויל מיט וואסער אונ שווייג. זי רעדט אונ איך שווייג. פון איהר רעדען מיט מיין שווייגען לאזט זיך אמאל אויס זעהר מאוס. נאר דא אין וואנאן האב איך דערפאר קיין מורא ניט געהאט, ווארום אקעגען אונז זענען געזעסען די יעקאטערינאסלאווער מאסיווע דאמע, וואס האט ניט אויפגעהערט צו קייען אונ די טאכטער די כלה, וואס האט געקוקט כסדר אין שפיגעלע אונ געזעהן, אז זי האט פרישטשעס אויפ'ן פנים אונ די איידלע שוועסטער פון אדעס, וואס איז געוועזען אזוי גרין אונ איידעל, אז זי האט אויסגעזעהן ווי איין איבערגעבונדענער לולב ערב סוכות.

אויף וויפיל חיה עטיל איז געוועזען מיט זיי פריהער נאהנט, אויף אזוי פיעל האט זי זיך נאכדעם פון זיי דערווייטערט אונ כמעט נאר אויפגעהערט מיט זיי צו רעדען, אונ האט געוואלט, אז איך זאל אויך מיט זיי ניט רעדען; נאר ווי אויף צו להכעיס האבען זיך אלע דריי דאמען אלע מאל געווענדט צו מיר מיט איין אנדער בקשה. איך זאל זיך מטריח זיין אראפנעמען דאס רענצל, אויפבינדען דאס פעקל, צומאכען דאס פענסטער, אלויף טהון אויפ'ן וואקזאל עפיס קויפען וכדומה אזעלכע קאמיסיעס, וואס מע מוז אויף זיך טראגען בשעת מע נעמט אויף זיך דעם גלות פון דאמען... מעהר פון אלע האט מיר

מערקזאמקייט, וואס זיי פארלאנגען אין זייערע פונקטען, וואס פאר א טענות די ארבייטער האבען געגען זייערע בעלי־הבתים, האט מען זיי אין גאנצען אבגעזאגט. און דאס האבען נאר געברויכט די אונרוהעמאכערס: זיי האבען זיך דערמיט בענוצט און האבען אונטערגעהעצט די ארבייטערס צו סטרייקען. און וואס זשע איז? אז עס האבען זיך אנגעהויבען די סטאטשקעס, דענסטמאל ערשט האבען די פארשטעהער פון די הערשאפט זיך מישב געווען און אנגעהויבען אונטערהאנדלען מיט די ארבייטער און זיי נאכגעגעבען די אלע איינגענע פונקטען, וואס זיי האבען פאר׳דעם געבעטען. דאס הייסט, אז די ארבייטער זענען דורך די פארשטעהער פון דער הערשאפט געקומען צו דער איבערצייגונג, אז כדי צו דערשלאגען זיך צו עפּיס, דארף מען נישט שיקען קיין בקשות און שתדלנות ביי די פארשטעהער פון דער הערשאפט, נאר גלייך מאכען סטאטשקעס.

אט האט איהר א בילד ווי ווייט די נאטשאלסטווע האט קיין השגה נישט ווי פארצוזעהן און צו פארהיטען עפּיס.

דאכט זיך עס איז גאנץ קלאר, אז ווען מען האט געקאנט, נאך די סטאטשקעס, נאכגעבען די ארבייטער, וואס זיי האבען פארלאנגט, איז א סימן, אז זיי האבען נישט געפאדערט אזוינע פונקטען, וואס זענען געגען די רעגירונג; טא אז יא אזוי, פאר וואס זשע האט מען זיי באלד נישט נאכגעגעבען, פאר וואס האט מען זייערע בקשות נישט אויפמערקזאם דורכגעזוכט. דער פועל־יוצא דערפון וואלט געווען, אז די ארבייטער וואלטען נישט אזוי באלד געמאכט קיין אונרוהען, ווי באלד אז זיי זעהען, אז יעדע בקשה וואס עס קאן נאר לויט די געזעצע ערפילט ווערען גיט מען זיי נאה, וואלטען זיי יעדע גערעכטע, געזעצליכע פאדערונג פארגעלעגט פאר די נאטשאלסטווע און זיי וואלטען נישט פארלארען זייער צוטרויען צו דער רעגירונג.

נאר די ארעסער נאטשאלסטווע, אויב עס איז נאר אלץ אמת, וואס מען שרייבט מיר פון דארטען, האבען פארקעהרט געטאן און זי אנשטאט צו זארגען עס זאלען קיין אומרוהען נישט געשעהן, האבען זיי, אדרבא, נאך אונטערגעגעבען הארץ די ארבייטערס, זיי זאלען מאכען סטאטשקעס דערמיט, וואס זיי האבען זיי געוויזען, אז נאר מיט מאכען אונרוהען קאן מען אויספיהרען וואס מען וויל.

אין דעם רוסישען בלאט „פרידניעפּ. קראי" ערקלערט פ. דוחאווניצקי די סבות פון די ארבייטער־סטאטשקעס אין דרום־רוסלאנד:

צום בעדויערען קומען פאר אין די לעצטע טעג, כמעט אין איין צייט, אין איניגע שטעדט פון דרום־רוסלאנד סטאטשקעס, וואס זייער סבה איז דורכאוים נישט קיין עקאנאמישע. דאס הייניגע יאהר, וואס תבואה איז וואלוועל און דער ארבייטס־לאהן שטעהט גאנץ הויך, קאן מען רעכענען פאר איינס פון די בעסטע יאהרען פאר די ארבייטער פון גאנץ רוסלאנד בכלל און איבערהויפּט אין דרום רוסלאנד. אין פּריוואט־אונטערנעמונגען האט געקאנט ארויסקומען סכסוכים צווישען די פאבראטשיקעס און די ארבייטער, אבער באין אופן האט הייניגעס יאהר נישט געקאנט אויסברעכען א שארפער פּראטעסט פון די ארבייטער. אדרבא, הייניגעס יאהר צייכענט זיך בעזונדערס אוים דערמיט, וואס די רעגירונג זארגט זעהר וועגען די ארבייטער. ערשט מיט א פּאר וואכען צוריק איז פארעפענטליכט געווארען א געזעץ וועגען די עלטסטע פון די ארבייטער, אלס פארשטעהער איבער די אינטערעסען פון דער ארבייטער פארטיי. עס האט זיך געדאכט, אז גראד הייניגעס יאהר האט געדארפט אריבער שטיל און רוהיג, אהן א שארפען עקאנאמישען שטרייט, פאר וועלכע מען האט אנגעוויזען איין ערלויבטען וועג.

און וואס זעהען מיר? דווקא איצט איז געוועזען א גאנצע שורה סטאטשקעס אין פארשידענע שטעדט. דאס בעווייזט דייטליך אויף א געוויסע אגיטאציע, וואס האט באמת א פּאליטישען צוועק, נאר זי זאגט כלומר׳שט, אז זי האט איין עקאנאמישען צוועק. און טאמער

---

דעקוטשעט דער „גרינער לולב" פון ארעס. אויף וויפיעל זי איז מאוס אויף אזוי פיעל האט זי זיך פאר מיר געבראכען און געברעקעלט, האלט זיך פאר א פּארשוין איינע אין דער וועלט, מיר האט זיך געגליסט אלע מינוט איהר זאגען דעם אמת און דווקא צום גראם: מאדאם! איהר זענט גרין ווי גראז און האט א לאנגע נאז...

אייך האט זיך קיינמאל ניט געטראפען, אז אויף דער צונג זאל ביי אייך ליגען א נארישקייט און עס זאל זיך רייסען ארויסצוזאגען? איך האב אמאל פאר אזא מעשה געחאפּט פעטש נישט פאר אייך געדאכט און אסך... נאר איך האב פארגעסען, אז מיר שמועסען פון דער נסיעה אין די „וואַרמבעדער" און מע טאר נישט רעדען פון זייטיגע ענינים.

בקיצור די דאמען האבען זיך מיט מיר געשאפט און מיין ווייב האט זיך געבלאזען און געפייערט אויף זיי און אויף מיר און אויף דער גאנצער וועלט מיט סכנות נפשות! איך האב געפיהלט, אז עס בלאזט א שלעכט ווינטל, אז אט אט הויבט זיך אויף א מורא׳דיגער שטורמווינט, אט אט רוקט זיך אן אויף מיר א חמארע און עס ברעכט אוים איין אומגליק רחמנא לצלן... דער אויבערשטער איז דאך אבער איין אל ארך אפּים ורב חסד, שיקט צו די רפואה פאר דער מכה, האט ער אויף מיר רחמנות געהאט און צוגעשיקט מיר א הילף א נייע דאמע, דאס הייסט דארט אין דערהיים איז זי א „יודינע", נאר דא, און ווייל זי פאהרט אין די וואַרמבעדער, רוף איך זי „דאמע"... דורכגעגאנגען דורך אונזער וואגאן און דערזעהן מיין ווייב, איז זי צוגעלאפען צו איהר, איז איהר געפאלען אויפ׳ן האלז און מע האט זיך גענומען איינס דאס אנדערע קושען אזוי שטארק, אז דער גאנצער עולם האט אויף זיי געקוקט און געשמייכעלט.

— אוי, חיה עטיל, ס׳איז דו? אט וועל איך מיר א מעשה אנטהון!

— מומעניו, ווי קומט איהר אהער?

— וואוהין פאהרסט דו דאס, חיה עטיל, נשמה מיינע הארצינע, אפשר אין די וואַרמבעדער?

— געוויינטליך אין די וואַרמבעדער; נו און איהר, מומעניו, וואוהין פאהרט?

— אויך אין די וואַרמבעדער, אט דאס איז אפשר, דער מא דיינער? איך וועל מיר א מעשה אנטהון!

און אזוי האבען מיר זיך בעקאנט, דאס הייסט פאר געשטעלט אהן נעמען און אהן ווערטער: איך בין געוואהרע געווארען, אז זי איז מיין חיה עטילס א מומע פון א קליין שטעדטל מיט א מאדנעם נאמען אצעלעס. דאס הייסט שרייבען שרייבט זיך וואלאצענאלאווא, נאר יודען וואס האבען פיינט לאנגע נעמען האבען דאס פארקירצט אצעלעס און מע רופט זי די מומע נחמה פון אצעלעס.

— וואוהין זשע פאהרט איהר, מומעניו, אין וואסער ארט ארײן? — פרעגט זי חיה עטיל.

— לאז מיך אזוי וויסען בייז מיט דיר אינאיינעם, ווי איך ווייס

וואלט נאך געוועזען א שטיקל ספק, וואס פאר א חאראקטער די דאזיגע אגיטאציע האט, קאן מען עס ריכטיגער ארויסזעהן פון די נישט ערלויבטע ליטעראטור, וועלכע גיט די גאנצע בעוועגונג א פאליטישען חאראקטער.

די רוסישע ארבייטער, וואס נעמען גראד איצט איין אנטייל אין די סטאטשקעס, טון דערמיט, אליין נישט וויסענדיג, דעם ווילען פון רוסלאנדס אויסערליכע און אינערליכע שונאים. זיי פארשטעהען עס נישט, זיי ווייסען נישט די היינטיגע פאליטישע לאגע פון רוסלאנד, זיי ווייסען נישט, אז דורך די אינערליכע אונרוהען אין לאנד העלפען די בונטאוושציקעס אונטער די שונאים פון רוסישען פאלק צו צעשטערען די פלאנען פון דער רוסישער פאליטיק אין מזרח־אייראפא און אין אזיע. זיי איז נישט בעקאנט, אז אין דעם נאהנטען און ווייטען מזרח סטראשען איינינע מלוכות צו שטערען דעם רוסישען איינפלוס, דאס רוסישע פארמעגען און רוסלאנדס כבוד. אויסמיידענדיג בלוט־פארגיסונג איז דאך רוסלאנד געראטען ביז היינט זיך צו וועהרען געגען די שונאים. די רוסישע שונאים בענוצען זיך דעריבער היינט מיט די אייגענע מיטלען, וואס זיי האבען זיך שוין פארדעם בענוצט, מיט דער הילף פון די פרייוויליגע אייגענע און פרעמדע שונאים, און צו אונזער בעדויערען האבען אייגענע רוסען בעשלאסען צו מאכען א טומעל, אויף וועלכע די רוסישע רעגירונג זאל איהר גאנצע אויפמערקזאמקייט אנווענדען.

אויסצופיהרען די דאזיגע כונה האבען זיך אנגעהויבען די סטאטשקעס אין איינינע רוסישע האנדעלס־שטעדט.

## פאליטישע ענינים.

(די לאגע אויפין באלקאן. ענגלאנדס פלענער געגען רוסלאנד.
די לאגע אין עסטרייך.)

די לאגע אויפ'ן באלקאן ווערד מיט יעדען טאג ערנסטער, מיט יעדען טאג שרעקליכער. דער טעלעגראף ברענגט אלע טאג ידיעות פון נייע, קליינע מלחמות צווישען די בונטאווטשיקעס מיט די טערקישע סאלדאטען, פון נייע היזיקות, וואס זיי מאכען. דא זענען געהרג'עט געווארען אזוי פיעל און אזוי פיעל און פארוואונדעט אזוי פיעל און אזוי פיעל. נאר שרעקליכער פון אלץ איז די ידיעה, אז מען האט געהרג'עט דעם רוסישען קאנזול אין ביטאליר א ס ט ק א ו ס ק י. נאך האט די צייט, וועלכע איז אין די לעצטע פאר חדשים פול געוועזען מיט שרעקליכע נייעס, נישט בעוויזען ארויס צוטרייבען פון זכרון דעם רושם, וואס עס האט געמאכט די רציחה פון רוסישען קאנסול שטשערבינא און מען האט שוין ווידער א רוסישען קאנסול ערמארדעט. ווער האט שולד אין דעם? וואס איז די סבה, וואס דאס קליינע מאקעדאנישע פאלק האט אזוי פיעל העזה צו בעגעהן אזוינע מערדערייען?

די סערביער בעשולדיגען עפענטליך אין דעם די ענגלישע רעגירונג. און חאטש מען קאן זיך נישט שטארק פארלאזען אויף די סערביער, ווייל זיי זענען שטיקלעך נוגע בדבר; דען ווי עס איז בעקאנט, איז די עפענטליכע שלעכטע מיינונג אין סערביען געגען ענגלאנד דערפאר וואס ענגלאנד האלט נישט פון די היינטיגע רעגירונג אין סערביע און האט נאך עד היום נישט אריינגעשיקט דארטען קיין געזאנדטען. עס קאן זעהר זיין, אז דא האבען די סערביער געפונען איין ארט און א געלעגענהייט אויסצולאזען זייער כעס געגען ענגלאנד. נאר גאר פון קאפ האבען זיך די סערביער דעם בלבול נישט אויסגעטראכט, א שטיקל אמת שטעקט מסתמא אין דעם, און די סערביער האבען מיט זייער בעשולדיגונג אויף וואס זיך סומך צו זיין.

נישט איינמאל האט די ענגלישע רעגירונג בעוויזען, אז זי וועלט אן איהר גאנצע פאליטישע קראפט אריינצופיהרען רוסלאנד אין א מלחמה מיט איינע פון די לענדער, וואס רוסלאנד גרענעצט זיך מיט זיי. צוערשט האט זי זיך געפרובט מיט פערזיע, דאס איז איהר אבער נישט געראטען, ווייל די פערזישע רעגירונג פארשטעהט גאנץ

---

וואס פאר א נאמען דאס האט! דאס הייסט, איך האב אפילו יא געוואוסט דעם נאמען, נאר איך האב שוין פארגעסען, געדענקען געדענק איך, אז עס לאזט זיך אויס מיט א „באד“.

— אפשר מאריענבאד?

— סע קאן זיין אז מאריענבאד.

— צי אפשר קארלסבאד?

— האסט געפועל'ט ביי מיר אזוי אויך, לאז זיין קארלסבאד.

— צי אפשר פראנצענסבאד? אדער גאר באדענבאד?

— לאז זיין פראנצענסבאד, הייסע באד, קאלטע באד, אבי א באד... דער דאקטאר האט מיר געהייסען איך זאל פאהרען אין די ווארעמבעדער פאהר איך, איך פיהר מיט זיך א בריף פון איהם צום פראפעסאר, מסתמא שרייבט ער שוין דארטען אין וואסערע בעדער?

אונזע'ר מומע נחמה האט נישקשה פארדיענט איך זאל אייך זי בעשרייבען ווי סע געהער צו זיין, איבערגעבען אין קורצען איהר ביאגראפיע: ערשטענס איז זי דאך מיין חיה עטילס איין איינענע מומע, דאס הייסט מיין שוויגערס איין אייגענע שוועסטער, און מיין ווייב'ס מומע געהער דאך מיר אויך אן א מומע. און צווייטענס איז זי אזא פארשוין וואס איז כ'לעבען כדאי זיך מיט איהר צו בעקענען אביסל פון דער נאהנט.

אין דער יוגענד ווייזט אויס האט זי בעדארפט זיין א גאנץ שענע און בטבע איז זי נאך היינט אויך א לעבעדיגע א פרייליכע נשמה און האט ליב לעבען א גוטען טאג. דעם ערשטען מאן האט זי געהאט איין אלמען שטורמאק, פארשווארצט געווארען מיט איהם ניט לאנג, געבליבען נאך איהם א יונגע אלמנה אהן קינדער נאר מיט געלד,ביידע זאכען דוקא נישט קיין חסרונות אויף צו חתונה האבען דאס אנדערע מאל און נעמען א מאן נאך איהר באגעהר און אנהויבען מאכען א לעבען גאר איבעראנייס. וואס פאר א מין נפש איז איהר צווייטער מאן, וואס זי האט איהם געגומען „נאך איהר באגעהר“ קאן איך אייך ניט זאגען; איך ווייס נאר, אז ער אליין זיצט אין אצעלעס און זי האט ער ארויסגעשיקט אין די ווארעמבעדער אויף א וואך זעקס, זי זאל זיך אנטהון „כל הפארגעניגען שבעולם“, ניט זשאלעווען קיין געלד און וואס איהר הארץ געלוסט דאס זאל זי טהון און וואס איהרע אויגען זעהען דאס זאל זי קויפען“.

אזוי זאגט די מומע נחמה פון אצעלעס, און איך זעה, אז אלע פיינע דאמען זענען איהר מקנא וואס זי איז אזוי פריי און האט אזא גליקליך לעבען ביי איהר מאן, און אוי און וועה! איך מוז מיך מודה זיין, אז אפילו מיין חיה עטיל אליין קוקט אויף דער מומע און אויף מיר, און איך ווייס וואס איהר קוק בעדייט. איהר קוק בעדייט: „אט וואס הייסט א מאן אויף דער וועלט!“...

און די מומע נחמה פון אצעלעס האלט אין איין רעדען; דאס מויל מאכט זיך איהר ניט צו אויף קיין מינוט. אליין איז זי א קליי־

גוט, אז ענגלאנד מיינט נישט פערזיעס טובה נאר רוסלאנדס רעה. דערנאך האט זי דאס איינענע געפריוות מיט יאפאן, גאר דארטען האט זי געהאט די אייגענע מפלה וואס אין פערזיע. היינט זוכט זי עס צו טון אין טערקיי און דערווייל פאלען צוליב די פאלישע פאליטיק הונדערטער און טויזענטער קרבנות. און ענגלאנדס מיה א ז אומזיסט.

אודאי האט רוסלאנד געזארט, אז מען זאל די מערדער שטרענג בעשטראפען, ווי זיי פארדיענען, אודאי וועט רוסלאנד זארגען, אז אזויניע רציחות זאל נאך אמאל נישט געשעהן. נאר רוסלאנד בעטראכט נישט די רציחה אלס א פאליטישע זאך, ווי די וועלט האט בעטראכט די ערמארדונג פון דעם דייטשען געזאנדטען קעטלער אין חינא און דעריבער מיט איהר מלחמה געהאלטען, נאר אלס א פשוט'ע רציחה, וואס שלעכטע מענשען, געדונגענע רוצחים זענען בעפאלען אויף איין אונשולדיגען מענשען און האבען איהם גע'הרג'עט, און באין אופן וועט רוסלאנד צוליב דעם נישט מאכען קיין מלחמה אויף דעם באלקאן. און ענגלאנדס האפנונג, אז סוף כל סוף וועט איהר געראטען צו מאכען א מלחמה צווישען רוסלאנד און איינעם פון די דריי פעלקער: יאפאן, פערזיע און טערקיי איז אומזיסט.

נישט בעסער ווי די לאגע אין טערקיי איז די לאגע אין עסטרייך-אונגארן. שווערע צייטען זענען געקומען אויף דעם אלטען קייזערטום. דאס עסטרייכישע פארלאמענט האט מען געשלאסען פאר דער צייט ווייל דורך די סכסוכים צווישען דייטשען און טשעכען איז שוין א רוהיגע פארהאנדלונג ניט מעגליך געווען. וואס ווייטער וועט זיך טון ווייסט מען ניט. אין אונגארן האט דער רייכסטאג ביז היינט ניט בעשטעטיגט ניט דאס בודזעט (הוצאה און הכנסה) און ניט דאס רעקרוטען-געזעץ, דאס אויסהייבען מיליטער וואס האט בעדארפט זיין אין חדש מערץ איז נאך נישט געווען. די אונגארן פאדערען בעזונדער מיליטער, וואס זאל מיט דעם עסטרייכישען קיין שום שייכות ניט האבען. דאס בשותפות'דיגע מיניסטעריום קאן דאס ניט נאכגעבען, ווארען דאס וואלט געהייסען שוין אין גאנצען צעטיילט עסטרייך און דאס אלטע קייזערטום וואלט שוין אויפגעהערט צו זיין א גרויסמאכט. און צווייטענס איז זיכער, אז ווען מען זאל נאכגעבען די אונגארן וואלטען די אנדערע פעלקער, ווי די טשעכען, פאלאקען, קראאטען און איטאליענער, וואס וואהנען אין עסטרייך אויך געפאדערט זיך אבצושיידען פון עסטרייך. דעריבער קאן דער קייזער נישט נאכגעבען די אונגארן. דער אונגארישער מיניסטער-פרעזידענט ק ו ה ן העדערוואר י איז געווען אין א י ש ל און האט געבעטען דעם קייזער, אז ער זאל איהם בעפרייען פון זיין שטעלע. דער קייזער האט איהם בעפרייט, אבער ווייל עס איז נאך נישט דא קיין אנדער מיניסטעריום און אזוי גיך וועט קיין אנדער מיניסטעריום נישט קענען בעשאפען ווערען, איז דערווייל דאס אייגענע מיניסטעריום געבליבען און דער קייזער איז געפאהרען קיין בודאפעסט פריווען מאכען א נייע רעגירונג. דאס וועט אבער זעהר שווער זיין. און די פארטייען אין עסטרייך זענען גרייט צו צו קעמפפען קעגען אלץ וואס מען וועט די אונגארן נאכגעבען. אלע דייטשע פארטייען אין עסטרייך האבען זיך ווידער פארבונדען, זיי זאלען נישט לאזען גאר נישט נאכגעבען די טשעכען. זעהר שווער וועט זיין אין עסטרייך-אונגארן צוריק ארדנונג צו מאכען.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— אין ניקאלאיעוו (חערסאנער גוב.) איז דעם 21 און 22 יולי געווען גרויסע אומרוהע'ן און מחמת דעם האט דער דא־טיגער פאליציימייסטער בעשטראפט 52 מענשען אויף דריי חדשים אסטראג צווישען די ארעסטירטע געפינען זיך 12 יודען.

— אין קיעוו איז נישט לאנג געוועזען גרויסע אומרוהען, און עס איז אזוי ווייט געקומען, אז מען האט זיך געמוזט בענוצען מיט געוועהר, ביי וועלכע עס זענען 2 געהרג'עט און 27 פארוואונדעט געווארען.

ניטשקע, א ווייסינקע, א קיילעכיגע, מיט א ווייס קיילעכיג גוידערל, מיט א נעזל ווי א פאסאלקע, מיט גרויע אייגעלעך, און א קול האט זי א הייזעריגס, און אז זי רעדט טאנצט זי אונטער, דרעהט זיך אויף אלע זייטען, פארגעסט אלע מינוט וואו זי האלט אין די יוצרות, מישט צונויף קאשע מיט בארשט מיט נעכטיגע טעג, טהוט זיך א פאטש מיט ביידע הענטלעך איבער די קיילעכיגע קלובעס: „איך וועל מיר נאר א מעשה אנטהון!“ און צעלאכט זיך אזוי, אז אלע מוזען לאכען מיט איהר אינאיינעם.

— מומעניו — פרעג איך זי — ביי וואסער פראפעסאר האט אייך דער דאקטאר געהייסען זיין?

— לאס איך אזוי וויסען פון איהם! — זאגט די מומע נחמה, ער האט מיר דארטען פארשריבען דער שענער דאקטאר פון אצעלעם אויף א שטיקל פאפיר דעם נאמען זיינעם, נאר איך געדענק שוין ניט אין וואסער א שטאדט: צי אין וויען צי אין בערלין? איך וועל מיר נאר א מעשה אנטהון!

און די מומע נחמה זוכט־זוכט אין אלע קעשענים און קאן נישט געפינען דאס שטיקל פאפיר, וואס דער שענער דאקטאר פון אצעלעם האט איהר פארשריבען.

— ווייסט איהר האטש לכל הפחות דאס חולאת אייערס? — פרעג איך זי אויף א ציקאוועסט.

— אט וועל איך דיר באלד געהן דערציילען מיין חולאת! — מאכט די מומע נחמה און צעלאכט זיך און אלע דאמען שיסען אויס אזא געלעכטער, גלייך ווי איך וואלט דא געזאגט מי יודע וואס פאר א נארישקייט. נאר איך בין צופרידען און דאנקבאר דער מומע נחמה פון אצעלעם און וועל איהר קיינמאל נישט פארגעסען די טובה, וואס זי האט זיך בעצייטענס אונטערגעחאפט און אויסגעלייזט מיך ניט איין מאל פון אסך־אסך צרות, אי בשעת נסיעה, אי דארט אין די וואַרעמבעדער, זי איז קאן מען זאגען געווען די אמתע רפואה צו מיין ווייבס נערווען, קיינער האט אזוי נישט געקאנט אויפמונטערען מיין חיה עטלין ווי די מומע נהמה, זי מאכען בערערעווודיג בשעת זי שווייגט און זי מאכען לאכענדיג בשעת זי איז פארזארגט מרהשחורה'דיג.

איך ווינש אייך, לעזער, אויב איהר האט א ווייב און דאס ווייב האט נערווען, און איהר פאהרט מיט איהר אין די ווארעמבעדער, זאל אייך גאט צושיקען א מומע נחמה פון אצעלעם, וועט איהר געזונט זיין און אויסגעלייזט ווערען אם ירצה השם פון אסך צרות און אומגליקען, וואס א בעווייבטער מענש קאן אויף זיך האבען.



— אין קיעוו איז מחמת די אונרוהען, וואָס דאָרטען זענען גע־וועזען, געוואָרען אַ גרויסער יקרות אויף ברויט, אנשטאַט וואָס ביז איצט האָט אַ פונט ברויט געקאָסט 2—3 קאָפּיקעס קאָסט עס היינט 8 קאָפּיקעס און ווייצען ברויט, וואָס האָט געקאָסט פון 3—5 קאָפּיקעס, קאָסט היינט 10 קאָפּ.

— די רוסישע רעגירונג האָט בעשטימט איבער די גובערניעס פון "ווייטען מזרח" פאַר אַ "נאַמיעסטניק" דעם גענעראַל אַדיוטאַנט אַלעקסעיעוו.

— אין חאַרבין (מאַנדזשוריע) הויבט אָן קירצליך אַרויסצוגעהן אַ רוסישע צייטונג אויף כינעזיש. פון שאַנכיי האָט מען שוין אַוועק־געשיקט זשורנאַליסטען, וואָס זאָל דאָס בלאַט אָרגאַניזירען.

— דער סולטאַן שיקט איין עקסטרע דעפוטאַציע אונטער די פיהרונג פון זיין זוהן אחמעד עפענדי צום רוסישען קייזער, אויסצו־דריקען זיין צער וועגען די ערמאָרדונג פון קאָנסול רוסטקאָווסקי.

— אין "פּראַוויט. וויעסטניק" איז אָבגעדרוקט די טעלעגראַמע פון רוסישען מיניסטער דעם אייסערן:

"צום קייזערליכען געזאַנדטען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל: דאָס טיעפע בעדויערען, וואָס דער סולטאַן האָט דורך זיין זוהן אחמער אויסגע־דרוקט איז נאָך נישט גענוג צו בעפרידיגען, דער קייזער פאַרלאַנגט, אַז די טערקישע רעגירונג זאָל נישט אָבקומען מיט בלויס צוזאָגען, נאָר מען זאָל באַלד בעשטראָפען מיט די שטרענגסטע שטראָף די מערדער, וואָס האָבען גע'הרג'עט אָדער איין אַנטייל גענומען אין די רציחה פון דעם קאָנסול ראָסטקאָווסקי. אויך זאָל מען בעשטראָפען אַלע בונטאָווש־יקעס, וואָס האָבען נאָר דעם מינדסטען חלק גענומען אין די אַלע אונרוהען, וואָס קומען פאָר אין די פאַרשידענע ערטער פון לאַנד און מען זאָל צווישען די טערקישע זשאַנדאַרען אַריינגעמען אָפּפיצירען פון אַנדערע פעלקער, כדי זיי זאָלען אַכטונג געבען, צי מען פיהרט איין אַלע רעפאָרמען, וואָס די טערקישע רעגירונג האָט צוגע־זאָגט איינצופיהרען".

אַ טעלעגראַמע צום דיפּלאָמאַטישען אַגענט אין בולגאַריע: "די קייזערליכע הערשאַפט קאָן נישט גלייכגילטיג לאָזען געשעהן רציחות גע־גען איהרע קאָנסולען און דעריבער האָט זי שטרענג פאַרלאַנגט פון די טערקישע רעגירונג, זי זאָל שטאַרק בעשטראָפען אַלע וואָס האָבען נאָר איין אַנטייל אין די רציחה פון דעם רוסישען קאָנסול אין ביטאָל. אָבער די בולגאַרישע רעגירונג איז זיך שטאַרק טועה, ווען זי מיינט, אַז דערמיט בייט רוסלאַנד איבער איהר פּראָגראַמע אין דער פּאָליטיק אויף דעם באַלקאַן. רוסלאַנד האַלט זיך נאָך אַלץ אָן איהר ערשטע פּראָגראַמע, די רוסישע רעגירונג מיינט, אַז די פרידליכע בולגאַרישע בירגער ליידען פון זייערע אַנהעצער און רעוואָלוציאָנערע באַנדעס נישט ווייניגער ווי פון די טערקען, דאָס אַלעס בעווייזט ווי נייטיג עס איז, אַז די בולגאַרישע רעגירונג זאָל זיך נעמען ערנסט איינצושטילען דעם טומעל אויף דעם באַלקאַנישען האַלב אינזעל.

— דעם 29 יולי האָט מען מודיע געוועזען דעם רוסישען געזאַנדע־טען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַז פון סעוואַסטאָפּאָל שיקט מען אַרוים אין די טערקישע וואַסערען אַ טייל פון די רוסישע פלאָטע אויף דעם שוואַרצען ים.

— דאָס קריגס־געריכט אין מאָנאַסטיר האָט פאַראורטיילט צום טויט דעם רוצח פון'ם רוסישען קאָנסול און איינעם פון די וואָס האָבען אין דעם גענומען איין אַנטייל, און צוויי זשאַנדאַרמען האָט מען צוגע־פּסק'נט איינעם אויף 15 יאָהר קאַטאָרזשנע און איינעם אויף 5 יאָהר.

— דעם 9־טען אויגוסט האָט מען געקריינט דעם פּאַפּסט מיט גרויס פּאַראַד, אויף וועלכע עס זענען געוועזען 50,000 מענשען.

— דעם 7־טען אויגוסט האָט דאָס סערבישע בלאַט "סערבסקע נאָווינא" געבראַכט דעם בעפעהל פון דער רעגירונג, אַז דער לייטענאַנט ליובענאָוו לעשיאַנען בעקומט די עהרנשטעלע האַפּטמאַרשאַל. בשעת די פּאַרקויפער פון דער צייטונג האָבען די דאָזיגע נייעס אויס־גערופען, האָבען די פּאָליציי גענומען דאָס בלאַט צו פאַרקויפען, באַלד נאָכדעם איז דאָס בלאַט ווידער ערשיענען אָהן די נייעס. די סבה דערפון איז, ווייל די אָפיצירען, וואָס האָבען געמאָרדעט קעניג אַלכּסנדר. האָבען פּראָטעסטירט געגען דעם, דערפאַר וואָס לעשיאַנען איז גע־וועזען פון אַלכּסנדר'ס בעסטע פריינד. אין סערביע איז דער מלך נור און די אָפיצערען זענען מבטל.

— דאָס מיניסטעריום פון אַוואַקומאָוויטש אין סערביע האָט זיך אָבגעזאָגט, דאָס אַוואַקומאָוויטשעס מיניסטעריום האָט זיך געגרינדעט באַלד נאָך די ערמאָרדונג פון קעניג אַלכּסנדר.

— אַ שרעקליך אומגליק האָט פּאַסירט אין פּאַריז. אין אַ טונעל האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען צוויי צוגע; עס איז אויסגעבראָכען אַ שׂרפה און אין ערך פון 100 מענשען זענען פאַרברענט אָדער צעקוועטשט געוואָרען.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאַנד.** דער פּירשט אָבאָלענסקי, דער שליח פון קייזער צו צעטיילען צוויי מאָל הונדערט טויזענט רובל צווישען די, וואָס האָ־בען ביים ווייקסעל־געגענד געליטען פון גרויסען געוויסער, איז אויך געוועזען אין איינעגע שטעדטלעך, וואו דאָס רוב איינוואוינער זענען יודען, די יודען האָבען דעם פּירשט בעגעגענט מיט זאַלץ און ברויט און ער האָט געטיילט געלד אויך צו די יודען, וואָס האָבען פון דעם געוויסער געליטען.

— אין דער קאָלאָניע וואָס ביי דער שטאָדט אָרהיעוו (בעס. גוב.) אַרבייטען יודען אויפ'ן טאָג אַלע פעלד־אַרבייט ווי שניידען, דרעשען און נאָך אַנדערע. די משגיחים אויף דער אַרבייט זענען מיט די יודישע אַרבייטער זעהר צופרידען.

— אַ פראַנצויזישע פירמאַ האָט פאָרגעלעגט דעם יודישען גראַווער רוחאַמאַוואָסקע 100,000 פראַנק אַ יאָהר, ער זאָל ערלויבען, אַז די פירמאַ זאָל זיך רופען אויף זיין נאָמען.

— ה' מאַטווייעוו, וועלכער האָט אַרויסגעפונען דעם אמת'ן רוצח פון ריבאַטשענקאַ האָט בעקומען אַ העכערע שטעלע.

— איינער פון די יודישע נכבדים אין אָדעסאַ האָט זיך געווענדעט צום דאָרטיגען גאָלאָוואַ ה' זעלענאי, ער זאָל חאָדאַטאַיסטווען פאַר דעם מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג, מען זאָל אַריינגעמען אין דער אוניווערזיטעט מעהר יודישע סטודענטען ווי די פּראָצענטען. פאַריגעס יאָהר האָט מען דורך דעם גאָלאָוואַס השתדלות צוגענומען 20 יודישע סטודענטען מעהר ווי די בעשטימטע צאָהל.

פון טיקטין (לאָמזער גוב.) שרייבט אונז פּרו' זאַק, אַז אין דעם דאָרף יוזעפּע, אכט ווערסט פון שטעדטל, האָט מען גע־הרג'עט אַ יודען מרדכי לויפּע. מיט זיין פרוי און פיער זיהן, דער חשד פאַלט אויף צוויי קריסטען, וועלכע האָבען געוואוינט צוזאַמען מיט דער יודישער פאַמיליע אין שכנות. די קריסטען האָט מען אַרעסטירט, די זעקס יו־דישע הרוגים האָט מען געבראַכט אין שטעדטל, וואו מען האָט זיי דאָרט מקבר געוועזען.

— בשעת דער וואָהלינער גובערנאַטאָר איז געוועזען אין דעם קליין שטעדטיל סאַרני האָט איהם די יודישע געמיינדע דערלאַנגט קאָנפעקטורען אויף אַ זילבערנעם טעלער, דער גובערנאַטאָר האָט גע־דאַנקט די יודישע געמיינדע און האָט געזאָגט: עס פרייט מיך וואָס מיין מיה האָט געהאָלפען: איהר האָט בעקומען די ערלויבניש דאָ צו וואָהנען, לעבט גליקליך, געדענקט, אַז איך בין קיינמאָל ניט גע־וועזען קיין שונא.

— דער אַדוואָקאַט, וואָס וועט פאַרטיידיגען דעם סטודענט דאַ־שעווסקי, איז דער בעוואוסטער אַדוואָקאַט מיראַנאָוו, דער זעלבע־ר וואָס

האט פאר אפאר יאהר אין ווילנא פארטיידיגט אַ יודישען פּנקס־בלאנדעס, וועלכען מען האט בעשולדיגט, אז ער האט געוואלט הרגענען א קריסטליך מיידל.

**דייטשלאנד.** דער יודישער סטודענט סאלא יאקאביוס האט בעקומען די ערשטע פּרעמיע פון דעם מעדעצינישען פאקולטעט אין בערלינער אוניווערזיטעט.

**ענגלאנד.** אין לאנדאן האט זיך געגרינדעט א חברה, וואס איהר צוועק איז צו שטרייטען געגען די מיסיאָנערען און צו דעם צוועק גרינדעט די חברה אצייטונג אויף ענגליש אין יודישער שפּראך.

— ביז דעם 9 אויגוסט האט מען פאר די קישינובער יודען צוזאמענגענומען 8397 פונט שטערלינג.

**פראנקרייך.** דער העברייאישער וויסענשאפטליכער שריפטשטעלער ד״ר דוד סידערסקי אין פאריז האט בעקומען איין אָרדען פון עהרנלעגיאן פאר זיינע ארבייט אין דער וויסענשאפט.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— אין איינעם פון די צימערן אין קאזינא, וואו דער זעכסטער קאנגרעס איז, איז דעם 21 אויגוסט געוועזען איין אספה וועגען דער קולטור פראגע, די פארשטעהער פון דער אספה זענען געוועזען נ. סאקאלאוו, ד״ר מ. עהרנפּרייז און מארטין באבער.

— דעם שבת צו נאכט, וואס פאר דעם קאנגרעס איז געוועזען א גרויסע אספה ביי די ענגלישע ציוניסטען אין לאנדאן.

— דער רוסישער מיניסטער דעם אינערן האט געשיקט א צירקולאר צו אלע גובערנאטארען, צו פארווערען אלע ציוניסטישע אספות און צו זאמלען געלד אויף ציוניסטישע צוועקע.

---

# ספרים.

(סקיצע).

נאטע שייקעס, א שיינער בעל־הבית אין שטעדטל, וואס ציהט די חיונה אביסל פון פּראצענט און אביסל פון שניט־קראם, וואס זיין ווייב האלט, איז געקומען פון בית־המדרש א צופרידענער און א פריילליכער.

ער האט מיט׳ן רב געהאט א שטיקל פּלפּול נאכ׳ן דאווענען: דער רב האט זיך געהאלטען שטאל און אייזען ביי זיינס, נאר ער, נאטע שייקעס, איז אויך ניט פון די וואס לאזען זיך איבעררעדען און אויסגעפיהרט האט ער טאקי, ער, נאטע שייקעס — ער האט איהם געוויזען א בפירוש׳ן דין אין גמרא...

פארציילען עס פאר׳ן ווייב, פאר זלאטען, קאן ער נישט, וואס ווייסט, ערשטענס, א יודענע אין אזעלכע זאכען, און צווייטענס, איז זי איצט פארטון מיט׳ן שבת מאכען, עס איז היינט פרייטאג, דער פדיון פון שניט איז ניט איבעריגס — דאס געדונגענע מיידל וועט אויך קענען לייזען.

— אזוי שפּעט? ווענדט זיך צו איהם זלאטע.

— עט... גיט ער א מאך מיט דער האנט.

— נו, גרייט צום טיש, גאלדע! ווענדט זיך די מוטער צו דער עלטערער טאכטער, וואס שטעהט אביסל אנגעבויגען און שאבט קארטאפעל אויף טשאלענט. זינד זלאטע איז א בעל־הבית׳טע "רוקט" זי אויף טשאלענט קארטאפעל.

גאלדע גרייט צום טיש, לעגט אוועק א ווייסליכע בולקע און נאטע געהט זיך וואשען.

ער מאכט המוציא און געהט צו צום גרויסען אלמער ספרים, נעמט ארויס א ספר׳ל "ידיו אמונה", זעצט זיך צוריק אוועק, קייט די בולקע און קוקט אריין אין ספר.

אזא טבע האט נאטע: ער מוז קייענדיג אין עפּיס א ספר אריינקוקען. ווען ניט האט ער קיין הנאה ניט פון עסען.

איבערבלעטערנדיג א פּאר בלעטער, בעמערקט ער, אז ערטערווייז זענען די אותיות בעדעקט מיט שטויב און עס הערט זיך א טוכלער ריח.

— שוין לאנג ניט געלופטערט די ספרים! — מאכט ער זיך פארוואָרפע — היינט איז א שיינער טאג — טראכט ער ווייטער — א ווינטל איז אויך דא, מען דארף זיי טאקי באלד ארויסטראגען לופטערען.

נאכ׳ן פריהשטיק מעלדט ער זיין בעשלוס אין שטוב:

— קינדער! — שרייט ער אויס פריילליך — העלפט מיר לופטערען די ספרים!

— לופטערען די ספרים! לופטערען די ספרים!! קלינגט עס איבער׳ן שטוב, און עס ווערד א גערודער ווי אין א קאזארמע, ווען מען דערגעהט פּלוצים, אז דער דעוויזיאנער־דאקטאר וועט געהן בעקוקען די קאזארמעס, נאר א מעהר פריילליכער, א מעהר אינטעסיוועער...

— טאטע! — שרייט פאר נחת דאס יונגסטע יונגל, אהרן, מען דארף דאך ארויסטראגען אויפ׳ן הויף א באנק, וואו די ספרים אוועק צו לעגען, הא?

— א ודאי, א ודאי! שטימט איין דער טאטע און גלעט די שפּיצען בארד.

— חייענע! ווענדט זיך אהרעלע מיט א קאמאנדירענדען טאן צו א קליין שוועסטערל, העלף מיר נעמען די באנק, דער טאטע דארף לופטערען די ספרים.

און די צוויי קינדער שלעפּען מיט אימפּעט די באנק. שלעפּענדיג פארטשעפּען זיי די הויכע קרומע קאטשערע, און עס פאלט זלאטע׳ן גלייך אין פּוס. נאר זלאטע איז ניט אין כעס. איהר הארץ איז אנגעפילט מיט כבוד און עהרפורכט צו דער הייליגער פּראצעסיאן... זי האט קיין העזה ניט אויסצורעדען א ווארט...

דער טאטע געהט זיי נאך, ווייזט זיי וואו אוועק צו שטעלען און שיקט זיי אין שטוב אריין צוריק טראגען ספרים.

די קינדער הייבען אן טראגען מיט ביידע הענט דעם גרויסען ש״ס געבונדען אין לייוונט.

— צו ביסלעך טראגט — עצה׳ט זיי דער טאטע — איהר וועט זיך דאך פארמאטערען.

— נישקשה! — שרייט לוסטיג אויס אהרן — קום חייענע נאך.

נאטע לעגט די ספרים אויס אויף דער לאנגער באנק אזוי, אז דער ווינד זאל זיי קענען לופטערען. דער ווינד חאפּט זיך צו צו דער מצוה מיט קוראזש, עס קעהרט די גרויסע בלעטער הין און צוריק עם דאכט זיך, אז דער ווינד איז א גרויסער למדן, אט האלט ער ביים אנהייב "המביא את הכד" און באלד איז ער שוין ביים פּרק "המוכר את הספינה" און פּלוצים פארוויילט זיך איהם גאר דעם

גאַנצען ש"ס אויסלערנען מיט אַמאָל און ער קעהרט אַלע בלעטער נאָך אַנאַנד הין און צוריק. אַרויף און אַראָב...

און אַהרן מיט חייענעלע טראָגען אַלץ צו נייערע ספרים, דעם שלחן־ערוך, דעם טור, דעם אלשיך, דעם "יערות דבש", און דער ווינט לעהרנט זיי אַלע מיט התמדה, קעהרט איין בלאַט נאָך דעם אַנדערען, און נאַטע שטעהט און קוקט צו און איז שטאָלץ...

— נאָך, נאָך! — ווענדט ער זיך צו די קינדער.

— איך ווייס! — צעקאַכט זיך אַהרן, וועלכער סאַפּעט שוין פון גרויס אַרבייט — פאַרהאַן נאָך אַ סך, נאָך דריי פּאָליצעס... קום חייענע ברענגען נאָך אַ באַנק.

און די קינדער ברענגען נאָך אַ באַנק, און די צווייטע באַנק ווערד פול מיט קלענערע ספרים, וואָס נאַטע קויפט זיי ביי דורכ־פאַהרער מוכרי ספרים פאַר גילדענס, גריוונעס און אַמאָל צעהנערלעך...

און דער ווינט בראַקירט ניט מיט די אויך. ער נעמט זיך אויך צו זיי און בלעטערט זיי געשווינד צוזאַמען מיט די גרויסע ספרים, פונקט ווי פאַר איהם וואָלט אַלץ איינס געווען: אַלץ איז תורה!...

— לורולל, לורולל! לורולל! בלעטערט ער זיי מיט גערויש.

נאַטע שטעהט און בעטראַכט עס און אַז די קינדער קומען מיט אַפּאָר גאָר אַלטע פאַרשטויבטע ספרים אָהן טאַוולען פרעגט ער:

— שוין, קינדער?

— מעהר ניטאָ! ציהט אויס אַהרן בּרייט די הענטעלעך.

— מעהר ניטאָ! פאַרטאַקעוועט שטעמענדיג חייענעלע.

— נו, געהט אין שטוב אַריין! — זאָגט נאַטע גוטמוטיג.

— אַי, טאַטע, כ'וועל שטעהן און קוקען בעט זיך אַהרעלע.

— איך אויך קוקען! — בעט זיך חייענע.

— נו שטעהט אייך — ערלויבט זיי דער טאַטע.

די קינדער שטעהען מיט שטראַהלענדע אויגען. נאַטע דערהערט ווי זלאַטע רופט עפּיס.

— אַהרעלע, די מאַמע רופט דיך, דאַכט זיך.

— אַהרן! אַהרן! דערהערט זיך שוין הויך זלאַטעס קול.

— וואָס איז? — איז אַהרן ניט צופרידען פון דער מאַמעס רופען. עס ווילט זיך איהם נישט אָוועקגעהן פון דעם שיינעם שפּיעל, ווי אַזוי די בלעטער רוישען, לויפען זיך, קעהרען זיך געשווינד אַהער און אַהין.

— געה, מיין זוהן, זי דאַרף דיך עפּיס האָבען, וועסט באַלד קומען — שיקט איהם דער טאַטע.

אַ ניט צופרידענער געהט אַהרעלע אַריין אין שטוב.

— וואָס דאַרפסטו מיך, מאַמע?

זלאַטע גרייט זיך צו זאָגען עפּיס אַ שווערע זאַך.

— נו, זאָג שוין! — טרייבט אַהרעלע.

— געה מיין זוהן אין דער פינסטערער קאַמער אויפ'ן טישל ליגט מיין טייטש־חומש... נעם איהם אויך אַביסל אויסלופטערען.

— אַ טייטש־חומש דאַרף מען ניט! — שיעסט אַהרעלע אויס מיט איין אָוטאָריטעטען־קול.

זלאַטע ווערד רויט און שמייכעלט מיט וועהטאָג:

— נאַרעלע, אַ טייטש־חומש איז אויך אַ ספר.

זי גלויבט אָבער ניט אין איהרע אייגענע ווערטער, איהר־קול האַקט זיך איבער און קוים וואָס זי ענדיגט:

— געה, נעם און טראָג אַרויס!...

אַהרן פאָלגט דער מאַמען געהט אַריין אין פינסטערן חדר. נעמט דעם טייטש־חומש און וויל שוין אַרויס געהן. זלאַטע בעטראַכט זיך עפּיס און פאַרהאַלט איהם:

— מען דאַרף טאַקי ניט.

אַהרעלע גיט אַ קוק אויף דער מאַמען און ער דערשפּיהרט, אַז די מאַמע איז עפּיס אומעטיג געוואָרען, ער האָט אויף איהר רחמנות און זאָגט געריהרט:

— ניין! איך וועל איהם אויס לופטערן.

— נו, טראָג אַרויס, אַז דו ווילסט... ענטפערט זי מיט אַ ישוב הדעת'דיגען טאָן.

אַהרעלע טראָגט אַרויס.

זלאַטע געהט צום פענסטער און קוקט אַרויס אין הויף. זי הערט זיך צו מיט האַרץ־קלאַפּעניש.

— וואָס האָסטו ווייטער געבראַכט? — פרעגט נאַטע.

— דער מאַמעס טייטש־חומש! שרייט אַהרן אויס מיט אַ גע־לעכטער...

— אַזוי! — לאַכט נאַטע גוטמוטיג — איהרע "ספרים" וויל זי אויך לופטערען — נו, ניט קיין עולה — מהיכא־תיתי...

און זלאַטע זעהט, ווי נאַטע האַלט דעם טייטש־חומש, גיט איהם אַ בלעטער און לעגט איהם מיט אַ שמייכעל אָוועק צווישען די גרויסע דיקע ספרים...

— פרעג וואָס האָב איך עס געדאַרפט? האָט זי חרטה, קוקענדיג, ווי דער ווינט קעהרט די בלעטער פון טייטש־חומש און עס פליהען דורך אַלע ווייל'ע די "צאַצקעס", ווי "רחל פאַשעט איהרע שאָף", ווי "מרים געהט אַרויס מיט'ן פויק" און נאָך אַזעלכע...

— אַ מאוס'ע זאַך פאַר איהם!... טראַכט זי — און האָט אמת־דיג חרטה, וואָס זי האָט געטאָן אַזאַ נאַרישקייט: לופטערען דעם ווייבערשען טייטש־חומש צווישען אַזוי פיעל מאַנסבילישע ספרים...

אברהם רייזען.

---

## מיין מלאכ'ל.

איך האָב אַקליינעם מלאכ'ל,
ליבליך, און פול חן,
לאַקקען איילען, אויגען קוילען —
מראַמאָר ווייסע ציין.

פליהט זיך אום מיין מלאכ'ל,
פליהט זיך אום אַליין;
זינגט זיך ווייך און לאַכט זיך הויך —
שפּיעלט זיך אַזוי שיין...

ווייל איך אָפּט מיין מלאכ'ל
— האָפּען, קושען מילד —
דרעהט זיך שטום מיין מלאך אום
קוקט מיר ליב און ווילד...

שפיעל זיך דיר מיין מלאכ'ל,
שפיעל זיך דיר אליין,
ווי אין וויעגעל, מיט די פליעגעל
זיי זיך הייליג, ריין!..

א. האפענשטיין.

---

# זעקס א קאפיקע!

(ערא־נערונגען).

א, די צייטען, ווי זיי בייטען זיך, ווי זיי בייטען זיך!...

ערשטענס איז איצט שוין זומער און צווייטענס איז דוד'ל שוין לאנג געשטארבען, אבער דענסטמאל איז עפּיס אנדערש געוועזען. שרה'ן האט זיך געדאכט, אז דער ווינטער וועט זיך ציהען — ציהען אהן א סוף און א ברעג און צוזאמען מיט איהם וועט זיך ציהען — ציהען דוד'לס קראנקהייט אהן א סוף און אהן א ברעג, און זי וועט פארברענגען איהר לאנגען — לאנגען איבעריגען לעבען אין בלויס שרעק איבער דוד'לס בעטל, — אין בלויס שרעק, ווייל זי וועט איהם זעהן אפּצוהיטען מיט דער לעצטער מעגליכקייט פון דעם פינסטערען טויט, אבער זי וועט קיין מיטלען ניט האבען איהם אין גאנצען אויס צו היילען, און ער וועט פארבלייבען אויף אלע מאל אין דער צווייפעלדיגער לאגע: ניט טויט ניט לעבעדיג; ניט טויט ניט לעבעדיג.

א, די צייטען, ווי זיי בייטען זיך ווי זיי בייטען זיך!...

איצט איז איין אוועגד א מאכל: דער הימעל, דער ווינטעל, די פייגעל, וועלכע פארבלאנדזשען אפּט אין דער לופטען און טראגען זיך על פּי טעות פארביי אונזער גאס מיט א וואלד־ניגון, — חאטש נעם ווארף האק און פאק, אי דעם קאשעק אי דעם לייזונג און נעם דאס איינציג געבליבענע מיידל פארען הענטל און געה ערגעץ אביסל שפּאצירען, ווי עס פיהרט זיך ביי אריסטאקראטען, און אויב שוין יא געהן, איז טאקי ווייט — ווייט הינטער'ן שטאדט, ווייט — ווייט פון די שפּאצירענדע אריסטאקראטען... שרה וועט דאס געוועהנליך קיינמאל ניט טון, — וואס פאר א צורה וואלט דאס געהאט, איך רעד שוין ניט פאר מענשען, אפילו פאר זיך אליין? שרה'ן איז אבער שוין אליין דאס בעוואוסטזיין גענוג, דאס בעוואוסטזיין, אז זי איז פריי, ביי זיך אין די הענט, ווי מע זאגט, און אויב זי וויל, קאן זי ווארפען האק און פאק...

דאס איז אלץ איצט גערעדט, ווען עס איז שוין לאנג זומער געווארען, אבער דענסטמאל איז יעדער אוועגד א נייע אנשיקעניש געוועזען. דער הימעל, דער ווינט, די פארשאלטענע פייגעלעך, די וואראנעס, וועלכע פלעגען זיך ווי בכיון דרעהען ארום שרה'ס גאס, — אלע ווי די גזלנים, חאטש נעם און בעגראב זיך. דער הימעל געהט אום איבערען קאפּ ווי שכור, וואס זוכט נאר א פּריצעפּקע און אט—אט פאלט ער דיר ארויף אויפ'ן קאפּ מיט זיין גאנצער משא, דער ווינט שפּארט זיך דיר אזש אין דער נשמה אריין, אז עס קריכען ממש די אויגען פון קאפּ, און די וואראנעס קרעכצען פון אומגעדולד, און קענען זיך אויף דיין זינדיגע נשמה ניט דערווארטען, וועלכע קארטשעט זיך צונויף ערגעץ אין א ווייט ווינקעלע פון הארצען און יאמערט אויף איהר ביטערען מזל...

אט דאס האט ערשטענס יעדער אוועגד דענסטמאל פארגעשטעלט און צווייטענס איז דענסטמאל דוד'ל קראנק געוועזען, און שרה איז מיט'ן קאשעק אין געסל געשטאנען און האט געווארט עפּיס צו לייזען, חאטש א קליינינגקייט, חאטש א גראשען, — אלץ וואלט איהר א ביסל פרייהליכער געווארען...

גאר שרה'ס האפנונג אויף לייזונג איז אלץ קלענער און קלענער געווארען ביז זי האט שוין כמעט גאר אין גאנצען אויפגעהערט צו שרייען מיט איהר הייזעריגען צעפליקטען קול איהר פון קיינעם ניט געבעטענעם אויסרוף: „זעקס א קאפּיקע! זעקס א קאפּיקע!" שרה האט די גאנצע צייט געריבען די הענט, ווייל עס איז ניט מעגליך געוועזען אויס צו האלטען פון קעלט, אויך פלעגט זי זיי אפּט צו די אויגען אונטער טראגען און פלעגט זיי שטילערהייט אויסרייבען...

געוויינט האט שרה? — היינט ווער קאן דאס וויסען און וועמען קאן דאס ארען...

און אויב עס זאל אפילו שוין יא ארען, איז דאך ערשטענס איצט פון לאנג שוין זומער געווארען און צווייטענס איז דאך דוד'ל שוין סיי ווי סיי געשטארבען...

נאר דענסטמאל האט שרה געמיינט, אז דער ווינטער וועט זיך ציהען—ציהען אהן א סוף און אהן א ברעג און צוזאמען מיט איהם וועט זיך ציהען—ציהען דוד'לס קראנקהייט און זי וועט איהר קינד בשום אופן ניט דערלאזען שטארבען און דער ווינטער וועט איהם בשום אופן ניט דערלאזען געזונט ווערען... און אפשר האט שרה דענסטמאל גאר ניט געמיינט, אפילו גאר ניט געטראכט? — היינט ווער קאן דאס וויסען און וועמען קאן דאס ארען...

און אזוי האט דענסטמאל שרה מיט'ן ווינטער מלחמה געהאלטען און האט איהם זיין מענשליכען קרבן ניט געוואלט אפּגעבען, וועלכען דער ווינטער האט מיט עזות געפאדערט און איז פעסט געווען אין דעם, אז היינט — מארגען קריגט ער איהם פארט...

און שרה האט דערווייל נאר דאס געוואוסט, אז זי האט היינט זעהר ווינציג געלייזט, ניט מעהר ווי עטליכע קאפּיקעס, — טא וואס'זשע וועט זי טון, פרעגט זיך, אין דער היים, א, טא וואס'זשע וועט זי טון מיט איהרע צוויי קינדערלעך, פון וועלכע איינער איז קראנק, וועלכע ווארטען אויף „גוטע זאכען", ווי א שטיקל האלבזיידענע ברויט מיט א געפּראַרענעם עפּעלע וכדומה... די מאמע ווייסט אבער, אז א קראנקען דארף מען געבען עפּיס בעסערס עסען און זי קאן בשום אופן ניט בעקלערען, ווי וועט זי זיך דא אויסקרעווען מיט די ניין־א־האלבע קאפּיקעס, וועלכע זי האט אין קעשינע...

און דער הימעל געהט אום דערווייל איבער איהר ווי א שכור, וועלכער ווארט נאר אויף א פּריצעפּקע און באלד ווארפט ער זיך ארויף אויף דיר מיט זיין גאנצער משא, און דער ווינט נעמט דיר ארום ווי א גזלן, אז עס קריכען די אויגען פון קאפּ, און די נשמה קארטשעט זיך ערגעץ צונויף אין א ווייטען ווינקעלע פון הארצען און יאמערט אויף איהר ביטערען מזל...

..."און אפשר זאל איך פארט"... קלערט שרה ווייטער און ווייטער, און די געדאנקען איהרע ווערען פון מינוט אלץ דרינגענדער, און אט—אט גיט זי זיך דאכט זיך אונטער, און וויל זיך פון דעסטוועגען פארט איינרעדען, אז זי וועט בשום אופן קיינמאל ניט טון אט דאס...

א, גאט אליין ווייסט, ווי די ארימע יודענע, וואס איז געשטאנען געגען איבער, האט איהר א גאנצען טאג אין די אויערן געסקריפעט און האט איהר דאס הארץ געריסען מיט געמאכטע זיפצען און ליגענס וועגען הונגעריגע קינדער, ווייל שרה קען די יודענע גאנץ גוט און ווייסט, אז זי האט קיין קינדער גאר קיינמאל ניט געהאט און לעבט זי אויך — הלואי ניט ערגער ־ויף איהר געזאגט געווארען — און זי סקריפעט א גאנצען טאג די פארביי־געהענדע אין די אויהרען: "גוטע יאהרען זאלט איהר האבען. גיט מיר א גראשען, גיט מיר א גראשען"... און די פארביי־געהענדע ווארפען איהר אונטער דאס רב דער א קאפיקע יענער א גראשען, און צום סוף האט דאס ארים מענש אויפגעמאכט א סך מעהרער פון שרה'ס לייזונג און איז שוין ל..נג אהיים אוועק.

"אך און וועה איז אפילו צו אזא ברויט, אבער ווען מען געפינט זיך אין אזא לאגע"...

"און טאטער זאל איך פארט אויך!"... און די געדאנקען איהרע קלאפען איהר איבערען קאפ ווי מיט האמערס, אזוי ווי זיי וואלטען איהר פון קאפ ארויסגעשפרונגען און וואלטען וועלען איין מאל פאר אלע מאל איהר דעם שארבען צעברעכען... און דאכט זיך אט־אט גיט זי זיך אונטער, און פון דעסטוועגען וויל זי זיך נאך פארט איינרעדען, אז זי וועט קיינמאל אין לעבען ניט טון אט דאס!...

און כל זמן עס מישט זיך ביי איהר אין קאפ, טראגען איהרע פיס געשווינד אוועק ערגעץ איהר מיט'ן קאשעק צוזאמען און ברענגען איהר אין א ווייטיגע געסל, וואו קיינער וועט איהר געוויס ניט דערקענען, ווייל ערשטענס איז עס ווייט פון דער היים און צווייטענס איז שוין גוט פינסטער. איצט איז שוין שרה אין גאנצען צעטומעלט און הייבט ניט אן וויסען, וואו ענדיגט זיך איהר ווילען, וועלכער קאן בשום אופן איהרע פיס ניט בעהערשען, און וואו הויבען זיך אן יענע געהיימע קרעפטען, וועלכע האבען איהר אהער געבראכט...

"גיט מיר"... האט זיך עמיץ ביי איהר אין מוח מסדר געווען...

נאר עס געהט פארביי איינער, א צווייטער און זי בעווייזט אלץ ניט אויס צו רעדען די פאר ווערטער, — איהר דאכט זיך, אז אלע לויפען היינט עפיס מאדנע גיך, אז עס איז זיי גאר נישט צו דערכאפען...

נאר אט געהט שוין גאר לאנגזאם ווי שפאצירענדיג עמיץ א גראבער איין אנגעפעלצטער, — דא וועט זי שוין געוויס בעוויזען...

— גיט מיר וואס... — האט זיך יעדעס ווארט מיט א שטיק פלייש פון הארצען אויסגעריסען און האט זיך אזוי קלאגענדיג הויך ארויס געקרעכטשעט, אז שרה איז אין גאנצען פארטויבט געווארען...

אבער פון די ליפען איז איהר קיין קול ניט ארויס און דער גראבער אנגעפעלצטער האט צום גליק גאר נישט געהערט און גאר נישט בעמערקט.

— דוד'ל, איך קאן ניט, איך קאן ניט... זעקס א קאפיקע! זעקס א קאפיקע! זעקס א קאפיקע!... — האט שרה זיך אליין געוואלט אין האלב בעוואוסטזיין פארטומלען...

און אין גאס איז קיינער ניט געווען, און אויב עמיץ וואלט יא געווען וואלט איהם שרה אויך ניט בעמערקט, ווייל דער שכור'ער הימעל האט, ווייזט אויס, שוין א פריצעפקע געפונען און האט זיך אויף איהר מיט זיין גאנצער משא ארויף געווארפען און דער ווינד איז איהר אין די טיפעניש פון הארצען פארקראכען און האט מיט גוואלד געריסען איהר אומגליקליכע נשמה, וועלכע האט זיך צונויף געקארטשעט ערגעץ אין א ווייט ווינקעלע פון הארצען און איז פון שרעק פארשטיינערט געווארען...

משה טייטש.

---

## וואס זאלען מיר עסען און טרינקען?

די דאזיגע פראגע וועלען אפשר פיעל בעטראכטען פאר איבריג, בעזונדער די מאנסלייט — וואס איז דאס פאר א שאלה? — וועלען זיי זאגען — מיר עסען דאס, וואס עס גיבען אונז אין דערהיים אונזערע פרויען, און אין די רעסטאראנען די קעלנערס. גאנץ אנדערש אבער וועלען קוקען די פרויען אויף דער פראגע; דען ניט איינע פון זיי האט וועגען דער שאלה, זעהר אפט, ענמת־נפש, זיי בעדארפען יעדען פריה מארגען קלערען, וואס זאל מען היינט מאכען צום עסען, כדי עס זאל דעם מאן מיט די קינדער גוט שמעקען דאס עסען. ווער שמועסט פון רעסטאראנען; דארט דארפען זיי אודאי זארגען דעריבער, זיי זאלען ניט פארלירען זייערע געסט. צו דעם וועט שוין ניט העלפען קיין קאכבוך און ניט קיין לאנגע פראקטיקע. דער פלאן ווי אזוי צוצוגרייטען אלטעגליכע שפייזען מאכט דער פרוי פיעל זארגען צוליב דריי אורזאכען: ערשטענס דארף די צוזאמענשטעלונג פון די שפייזען זיין א ריכטיגע; ד"ה זיי זאלען שטימען צום מענשליכען קערפער; צווייטענס מוז מען זעהר אפט בייטען די שפייזען, עס זאל ניט ווערען צוגעגעסען; און דריטענס בעדארף מען מאכען עקאנאמיש, עס זאל ניט צופיעל קאסטען. מיר וועלען נאר שרייבען פון די ערשטע צוויי פונקטען, די עקאנאמישע פראגע וועט שוין יעדע הויזפרוי אליין זיך ראטען לויט די קעשעניע. — איידער מיר וועלען די זאך בעשרייבען וועלען מיר זיך ווענדען צו דער פראגע, צי בעדארפען מיר זיין וועגעטעריאנער, ד"ה צי דארפען מיר זיך דערנעהרען בלויס מיט געוועקסע־שפייזען. לויט ווי די סעקטע וועגעטעריאנער ווייזען אויף, איז זייער לעבענסארט פיעל געזונטער און עקאנאמישער ווי צו עסען פלייש אדער אנדערע פארשיעדענע שפייזען, וואס קומען ארויס פון בעלי חיים, דערצו ברענגען זיי ראיות פון פיעל פעלקער און פון פיעל חיות, וועלכע דערנעהרען זיך נאר מיט געוועקסע און דאך זענען זיי זעהר שטארק און פיהלען זיך גאנץ גוט.

— בעטראכט נאר — זאגען די וועגעטעריאנער — די פעלקער, וועלכע וואהנען אין ווייטען אזיע, צב"ש: די חינעזער און די יאפאנער, וואס זיי דערנעהרען זיך, קאן מען זאגען, כמעט נאר מיט רייז; זעהען זיי דען ערגער אויס ווי די אייראפייער? האבען זיי דען ניט אזעלכע פעהיגקייט און אזוי פיעל שכל ווי די אייראפייאישע מענשען? און בעזונדערס, די יאפאנער, וואס זיי האבען זיך אזוי שנעל אויסגעלערנט די אייראפייאישע ציוויליזאציע, זענען זיי דען ניט אזוי גוט ענטוויקעלט ווי מיר? זענען דען ניט די גרויסע חיות, — ווי צב"ש: — דער העלפאנט, דער קעמעל, דער אקס, אזוי שטארק און געזונט, ווייל זיי עסען ניט קיין פלייש? און אז מיר וועלען נאך צוגעבען די מעלה — זאגען ווייטער די וועגעטעריאנער, — אז די מענשען, וועלכע דערנעהרען זיך נאר מיט שפייזען פון געוועקסע האבען א פיעל בעסערען

כאראקטער אונ זענען געלאסענער פון די מענשען, וואס דערנעהרען זיך מיט פלייש, נו בעדארפען שוין אלע מודה זיין, אז דער סארט לעבען פון די וועגעטעריאנער איז צום בעסטען.

אמת טאקי; נאר שאט, צי זענען ניט די וועגעטעריאנער צופיעל מגזם מיט זייער מיינונג? אט מיט דער פראגע האט זיך ניט לאנג בעשעפטיגט א פראפעסאר פון בערלין מיט דעם נאמען „העפפע", זיינע חקירות וועלען געוויס אינטערעסירען אלע אונזערע לעזער, ווייל דער ענין פון אכילה איז איינער פון די הויכע ענינים אין לעבען פון מענשען.

ערשטענס — לייקענט אפ דער פראפעסאר די מיינונג פון די וועגעטעריאנער וועגען די נוצען פון פלייש עסען, אדרבא, ער ווייזט אויף מיט ראיות, אז פלייש איז דווקא די בעסטע אונ ניצליכסטע נאהרונג. אמת טאקי, אונזערע ציינער זענען בעשאפען אויף אזא אופן, זיי זאלען אבבייסען גראז אונ ווארצלען אונ נאכדעם צעקייען אונ דערשלינגען, נאר אבער די וועגעטעריאנער עסען דאך זייערע מאכלים ניט רויע געוועקסע, נאר שטענדיג געקאכט אדער געבאקען, אויף אזא אופן צעקייען דאך אונזערע ציינער דאס געקאכטע פלייש אויך זעהר לייכט?!

חוץ דעם — זאגט העפפע — אומזיסט ריהמען זיך די וועגעטעריאנער, דאס ביי זיי ווערען קיינמאל ניט פארדארבען די ציינער ווי ביי פלייש-עסער. אלס ביישפיעל ברענגט ער אונז פון די „נעגער" (שווארצע מענשען), וועלכע ערנעהרען זיך מיט בלויס געוועקסע אונ ליידען אויך אזוי פיעל אויף ציינען-שמערצען ווי די אייראפייער פעלקער. ענדליך זעהען מיר פון דער אלטער היסטאריע, דאס די פארצייטיגע אייראפייער האבען זיך בעשעפטיגט נאר מיט יעגעריי, הייסט עס, זיי האבען זיך דערנעהרט נאר מיט פלייש. לויט דער אויסרעכענונג פון „העפפע" איז ניט מעהר ווי פינף טויזענט יאהר זייט דעם זיי זענען אריבער פון יעגעריי צו ערד-ארבייט. פון דענסטמאל אן דערנעהרען זיי זיך אויך מיט געוועקסע-שפייזען, צו גלייך מיט פלייש.

אמת, עס זענען נאך פאראן פיעל מענשען, וועלכע דערנעהרען זיך נאך אין היינטיגע צייטען כמעט נאר מיט געוועקסע-שפייזען, בעזונדערס אין די דערפער; מען דארף אבער ניט פארגעסען אז דאס וואס די דארפס-לייט פארדייהען אזוי גוט געוועקסע-שפייזען ווי פלייש, איז דאס נאר, ווייל זיי ארבייטען זעהר פלייסיג אויף פרישע לופט אונ האבען שטארקע קערפער, אבער ניט די שטאדט-לייט, וואס זייערע קערפער זענען איידעל אונ שוואך. למשל, א דארפס-מאן, (ד"ה: איין אמת'ער וועגעטעריאנער) קאן אויפעסען א גרויסען טאפ קארטאפעל מיט א האלבען טאפ זויער מילך אונ עס וועט איהם ניט שאדען, דעם שטאדט-מאן אבער, ד"ה: דעם נאכגעמאכטען וועגעטעריאנער וועט די זעלביגע אכילה געוויס שאדען.

ווי אונגערעכט זענען די וועגעטעריאנער מיט דעם ביישפיעל, וואס זיי גיבען אונז פון א יאפאנער, וועלכער דערנעהרט זיך נאר מיט רייז! העפפע ווייזט אויף, אז איין איינוואהנער פון מזרח-אזיע האט א לענגערע קישקע אויף 1/5 אלס איין אייראפייער מענש, וואס דערנעהרט זיך מיט אלערליי שפייזען, אין דער זאך איז איין אזיאטישער מענש מעהר געגליכען צו די ווידער-קייער (מעלי גרה), בשעת ביי א נארמאלישען מענשען איז די קישקע אין מיטעלשטאנד. ד"ה: צווישען געוועקסע-עסער אונ צווישען פלייש-עסער; דערפון איז געדרונגען, אז די נאטור זעלבסט האט בעשטימט דעם מענשען צו עסען אלערליי שפייזען; דאס איז בעוואוסט, אז וואס מעהר די שפייז פארדייהעט זיך גרינגער ביי א בעשעפעניש איז ביי איהם קירצער די קישקע, דאריבער איז די קישקע פון א לייב, וואס ער דערנעהרט זיך נאר מיט פלייש נישט מעהר ווי — 1½—2 מאל אזוי לאנג ווי זיין גאנצער קערפער, דאגעגען ביי א שעפס, וואס דערנעהרט זיך מיט שווער פערדייהליכע געוועקסע-שפייזז, איז זיין קישקע 14 מאל לענגער ווי זיין גאנצער קערפער.

ענדע קומט.

פ. קאנטאראוויטש.

---

# אלמניילאנד.

(פארטזעצונג).

קינגסקארט דערמאהנט, אז שוין אין לאנדאן פלעגען מענשען בויען הייזער אויף פרעמדער ערד, וועלכע זיי האבען פארארענדעוועט אויף 99 יאהר... ער וויל אבער געוואהר ווערען ווי אזוי איז פארגעקומען מיט די איינוואהנער, וואס האבען ניט געהאט קיין פארמעגען.

„דיעזע שאלה, ענפערט רעשיד, פארענטפערט זיך פון זיך אליין: די וואס האבען גאר ניט פארמאגט האבען דאך גאר ניט געהאט צו פארלירען נאר געוואונען, זיי האבען פון דער יודישער איינוואנדערונג ווירקליך געוואונען: ארבייטסגעלעגענהייט אונ פרנסה. ס'איז אויף דער וועלט ניט געוועזען קיין ארעמערעס אונ דערשלאגענערס ווי איין אראביש דארף אין פאלעסטינא איידער די יודען זענען געקומען... איצט איז עס אין גאנצען אנדערש. פון דער גרויסארטיגען איינוואנדערונג האבען מיר אלע פארדיענט. אפילו די אראבער, וואס האבען זיך ניט אנגעשלאסען דער נייער געזעלשאפט, האבען ביי איהר געקריגען ארבייט. בעת מע האט געדארפט אויסטרוקענען די בלאטעס, גראבען די קאנאלען, פלאנצען די אייקאליפטען-ביימער, האט מען די היימישע פעהיגע ארבייטס-קרעפטען צום ערשטען בענוצט, אונ גוט בעלוינט. גיט נאר א קוק אויף דעם פעלד! איך דערמאהן מיך נאך פון מיין קינדערצייט, אז דא איז געוועזען בלאטעס. דעם פלאץ האט די נייע געזעלשאפט צום בילינגסטען געקויפט אונ האט איהם צום בעסטען געמאכט. אט דארט איז איין אראביש דארף. איהר זעהט די קליינע מאשעע? (איין אראבישער קלויסטער). די ארימע מענשען זענען פיעל גליקליכער געווארען. זיי קענען זיך ארענטליך דערנעהרען, זייערע קינדער זענען געזונטער אונ לערנען עפּיס — אין זייער גלויבען אונ מנהגים שטערט זיי קיינער ניט".

„איהר זענט אייגענטליך א חדוש, איהר מאחמעדאנער! קוקט איהר דען ניט אויף דיעזע יודען ווי אויף אריינגערוקטע קאנקורענטען!"

„וואס רעדט איהר קריסט!" ענפערט איהם רעשיד. „ווי אזוי קאנט איהר אנרופען דעם רויבער, וועלכער טוט אייך בלויס גוטס? די יודען האבען אונז רייך געמאכט, פאר וואס זאלען מיר אויף זיי אויפגעבראכט זיין? זיי לעבען מיט אונז ווי ברידער, פאר וואס זאלען מיר זיי ניט ליב האבען? איך האב צווישען מיינע מאחמעדאנער

קיינמאל ניט געהאט אזא גוטען פריינד ווי דיעזען דוד ליטוואק. ער קאן צו מיר קומען ביי טאג און ביי נאכט און ביי מיר בעטען וואס ער וויל וועל איך איהם געבען. איך ווייס, אז איך קאן אויף איהם אויך רעכענען ווי אויף א ברודער. ער איז מתפלל אין איין אנדער מקום־קדוש דעם זעלבען גאט וואס איך אין מיין מקום־קדוש. אונזערע געבעט־הייזער שטעהען אבער איינס נעבען ס'אנדערע און איך גלויב תמיד, אז אונזערע תפלות פאראייניגען זיך ערגיץ וואו אין דער הויך און קומען ביידע גלייך צו דעם אייניציגען כסא־הכבוד, וואס איז איבער אונז אלע".

רעשיד האט גערעדט מיט אזא געזונטען טאן, אז קינגסקארט אפילו איז גערירט געווארען „יא", זאגט ער, איהר זענט א גע־בילדעטער מענש, שטודירט אין איראפא. וואס אבער זאגען די פשוט'ע מענשען, דער המון ?

„דיעזע נאך מעהר, הער קינגסקארט. איהר מוזט מיר שוין מוחל זיין, נאר סבלנות האב איך ניט אין איראפא געלערנט, די מאחמע־דאנער האבען תמיד געלעבט מיט די יודען בעסער ווי איהר קריסטען. נאך צוריק מיט צוואנציג יאהר, אז די ערשטע יודישע קאלאניסטען האבען זיך דא בעזעצט איז שוין פארגעקומען, אז די אראבער האבען אויסגעקליבען א יודען אלס א שופט צווישען זיך, אדער זיך צום ועד פון דער יודישער קאלאניע געווענדט וועגען איין עצה אדער הילף אין זייערע פריוואט־אנגעלעגענהייטען".

דער מאטאר־וואגען איז ארויס פונ'ם טאל און האט אנגעהויבען זיך ארויפדראפען אויפ'ן בארג ארויף. אומעדום זענען די בערגלעך געווען ביז ארויף פארפלאנצט. יעדער פלעק ערד אויסגענוצט. אויף די קרומע בערג־הענגען זענען געווען טעראסען, אזוי ווי אין די צייטען פון שלמה המלך. דא האבען געוואקסען טרויבען, גראנאטען און פייגען.

ווייטער זענען זיי ווידער אריין אין א ליבליכען טאל, וועלכער האט די רייזענדער איבערראשט מיט זיינע בלומען. אזוי ווי א קאוויאר מיט ווייסע, געלע, רויטע, בלויע און גרינע פארבען, איז פאר זיי דאס שטיק לאנד געווען אויסגעשפרייט און אויפ'ן הארצען אזוי גוט גלייך זיי וואלטען אריין אין א ים פון זיסע ריחות. א שטיל ווינטעלע האט געקאטשעט די שמעקענדע לופט־כוואליעס, אונזערע צוויי געסט זענען פשוט פארכשופ'ט געווארען פון דעם נאטור־שפיעל, וואס זיי האבען גאר ניט געקאנט פארשטעהן פון וואנען דאס נעמט זיך. ערשט שפעטער האט מען זיי ערקלערט, אז דא האט מען איינגע־ריכטעט א גרויסע בלומען־קולטור ספעציעל פאר דער פאבריקאציע־פון פארפומע. דא ווערען אין גרויסע מאסען געצויגען: זשאסמין, טובעראזעק, זשעראניען, נארציזען, פיאלקעס און רויזען. דער גאנצער טאל איז איין גארטען.

די ארבייטער, וועלכע האבען אונזערע רייזענדער בעגעגענט האבען זיי אלע מאל געגריסט, אמאל ליטוואקען, אמאל שטיינעקען און אמאל רעשידען. דערפון האבען די פרעמדע פארשטאנען, אז אלע דריי זענען שטארק בעקאנט און געשעצט אינ'ם לאנד. שפעטער זענען זיי געוואהר געווארען, אז דוד און שטיינעק זענען די פיהרער פון א פאליטישער פארטיי, וועלכע האט מלחמה מיט'ן דאקטאר גייער

וועגען דער פראגע. אויב אלע מענשען אדער נאר יודען דארפען צוגענומען ווערען אין דער נייער געזעלשאפט.

דוד בעמערקט דערביי: „איך בין א פיהרער נאר אויף צוויי וואכען ביז די וויבארעס צום קאנגרעס. מיין פראפעסיע איז עס ניט."

XXV.

זיי זענען איבערגעפאהרען א באהן-ליניע און האבען געמוזט אביסל אבווארטען ביז די באהן איז דורכגעפאהרען. די פרעמדע האבען בעמערקט, אז די באהן־לאקאמאטיווע האבען ניט קיין קוימען און סע שלאגט פון איהר קיין רויך ניט.

דוד ערקלערט זיי:

„ביי אונז געהען אלע באהנען מיט עלעקטעריע. מיר האבען דא שוין פונ'ם אנהויב אן איינגעפיהרט דאס אלערנייעסטע, ווייל פריהער איז דאך גאר ניט געווען. דאגעגען האבען מיר געהאט די פראקטיקע פון דער גאנצער וועלט, מיר האבען אויך געהאט א גאנצע מאסע געבילדעטע יונגע לייט, וועלכע זענען צו אונז געקומען פון די אוניווערזיטעטען און פאליטעכניקומ'ס פון דער גאנצער וועלט, פארזעהן מיט אלע מעגליכע וויסענשאפטען. און גראד יענע יודישע יונגע אינטעליגענץ, פאר וועלכע ס'איז קיין פלאץ ניט געווען אין די אנטיסעמיטישע לענדער און וועלכע האבען געמוזט דארט פאר פארצווייפלונג זיך ווארפען אין די ארגסטע כתות אריין, האבען דא בעקומען א ווערט און זיך און זייער פאלק ניצליך געווארען. די דאזיגע געבילדעטע יוגענד איז געווארען די גרעסטע ברכה פאר פאלעסטינא, דען זי האט מיט זיך געבראכט די נייעסטע וויסענ־שאפט און פראקטישע חכמה".

קינגסקארט ווארפט אריין א ווערטל: „איהר זענט דאך א חיטרע פאלק. אונז האט איהר געלאזט דאס אלטע אייזען און איהר פאהרט דא מיט די נייעסטע מאשינען".

„וואס־זשע, מיר האבען אפשר געדארפט אלטע שמאטעס, ווען מיר האבען פאר דעם אייגענעם געלד געקאנט קריגען אדער מאכען פונקעל נייעס ?" שרייט אוים שטיינעק מיט א געבייזער. „איבריגענס איז אלעס וואס איהר זעהט גאר קיין נייעס ניט. ס'איז שוין אלעס געווען אויך דעמאלט אין איראפא און בעזונדערס אין אמעריקא. ביי די אמעריקאנער האבען מיר א סך געלערנט אין עלעקטרישע באהנען ווי אין אנדערע זאכען".

„פאר אונז — זאגט ווייטער דוד — איז פיעל גרינגער געווען דאס נייעסטע צו מאכען, ווייל מיר האבען ניט געדארפט פריהער אויסנוצען דאס אלטע. אונזערע וואגאנעס האבען אלעס נייטיגע, כדי דעם רייזענדען בעקוועם צו מאכען. סע טרייסעלט כמעט ניט, חאטש מיר פאהרען זעהר געשווינד. די ארבייטער־באהנען זענען אויך גוט פארזארגט, ווייל מיר פארשטעהען, אז מע מוז דאס געזונט פון די ארבייטער פארהיטען. הײנט ווי ביליג ביי אונז קאסט דאס פאהרען! מיר האבען דעם פאסאזשירסקע טאריף פון דעם הערצאגטום באדען אונטער דעם קלוגען גרויסהערצאג פרידריך איינגעפיהרט. מיר האבען קודם כל אין זינען געהאט, אז דורך ביליגע טאריפען זאלען זיך די ארבייטער גרינג קענען איבערפאהרען פון די ערטער ווי ארבייט

פעהלט אין די ערטער ווי סע פעהלען מענשען. דעריבער ציהען זיך ביי אונז די באהן־ליניע פון איין עק לאנד ביז'ן אנדערען, אזוי ווי א קאלאניזאציע פון מענשענקראפט".

"פאר וואס מאכען מיר בעסער ניט אונזער רייזע מיט דער באהן?" פרעגט קינגסקארט.

"איבער צוויי טעמים, ענטפערט דוד. ערשטענס וויל מיט'ן וואגען קאן מען זיך בעסער איינזעהן די שענע געגענד און צווייטענס וויל ס'איז אצונד ערב פסח און די באהנען זענען אנגעפולט מיט פרעמדע עולי־רגל צו די קריסטליכע היילינגע ערטער".

"יא, ווי אזוי זענט איהר דורכגעקומען מיט דער שאלה פון די היילינגע ערטער?" — פאלט פרידריכ'ן איין א שאלה.

"גאר פשוט, ענטפערט דוד. דעמאלט ווען די שאלה איז אויפגעשטעלט געווארען צוליב דער ציוניסטישער בעוועגונג, האבען א סך יודען געגלויבט ווי איהר, אז די שאלה איז ווירקליך זעהר הארב. פון די קריסטליכע פובליציסטען אבער האט זיך ארויסגעשטעלט, אז די מעשה איז ניט אזוי. ערשטענס האבען זיך די היילינגע ערטער שוין ביז איצט אויך געפונען ניט אין קריסטליכען, נאר אין מאחמעדאנישען רשות. צווייטענס האט די נייע צייט געגעבען צו פארשטעהן, אז די היילינגע ערטער קענען ערשט דעמאלט רעכט הייליג ערהאלטען ווערען, ווען זיי וועלען קיינעם ניט געהערען. אזוי האבען מיר עס אויך געמאכט: די היילינגע ערטער זענען דאס איי־גענטום פון דער גאנצער מענשענהייט און אלע פיהלען זיך דארט ביי זיך אין דער היים".

XXVI.

זיי זענען געקומען קיין ניידארף, דארט האט מען זיי שוין לאנג ערווארטעט, און דעריבער האט זיי ביים אנקומען ארום גערינגעלט א מענגע מענשען און בעגריסט מיט'ן יודישען "הידד!" א קליינער חאר פון ריין געקליידעטע חדר־קינדער אונטער דעם קאמאנדא פון זייער לעהרער האט זיי בעזונגען מיט א לשון־קדש בעגריסונגס־ליעד, וועלכעס זיי האבען געמוזט שטעהענדיג אויסהערען.

דא זעהט מען, אז די קינדער אין אלטניילאנד לערנען אין די חדרים אפנים לשון־קדש אלס מוטערשפראכע און אז לשון־קדש האט אין אלטניילאנד אפנים א חשיבות, געראדע ניט ווי עמיצער האט געוואלט אנדערש אויסדרינגען! נאר ניט דאס איז דער מחבר אויסען.

דאגעגען ווערד בפירוש געזאגט, אז דער ראש־הקהל, פרידמאן, האט זיי בעגריסט מיט א קורצער רעדע אויף פראסט יודיש, מחמת דער מחבר איז ניט אזא תם און האלט זיינע לעזער אויך פאר פראק־טישע מענשען, וועלכע וואלטען ניט געגלויבט, אז אין אזא קורצער צייט האבען שוין די עלטערע מענשען זיך אויך אויסגעלערנט רעדען לשון־קדש, אדער אז אין אזא קולטורנע לאנד ווי אלטניילאנד האבען זיך די איינוואהנער געבראכען די צונגער און זיך געשפילט מיט לשון־קדש רעדען ווי אין די אמאליגע שפה־ברורה חברות. דער מחבר קאן גלויבען גלייך מיט אונז אלע, אז לשון־קדש וועט סוף כל סוף ווערען די פאלקס־שפראכע אין אלטניילאנד, נאר ווען זשע? אז אלטניילאנד וועט שוין זיין אויסגעבויעט און לשון־קדש וועט זיין איין אפיציעלע שפראכע אין אלע קאנצעלאריעס, דעמאלט וועלען די עלטערע זיך מוזען אויסלערנען לעזען און שרייבען, און די יונגע קינדער אין די חדרים וועלען שוין אויסלערנען זיך אויך צו רעדען אויף איהר. און אז דער יונגער דור וועט נאכדעם אויסוואקסען און וועט ארום זיך ניט האבען קיין סביבה, וואס נייט איהר צו רעדען אנ־דערע שפראכען, וועט דאס לשון־קדש רעדען מיט דער צייט ווערען ניט קיין שפיל, נאר א נאטירליכער לעבענס־בעדארף און פאמעליך וועט ער ארויסשטופען דעם זשארגאן ביז דיזער לעצטערער וועט אין גאנצען פארגעסען ווערען.

אזוי, קאן זיין, שטעלט זיך דער מחבר פאר זיין אידעאל וועגען דעם אויפלעבען פון אונזער היילינגער שפראך, לע"ע אבער האלט ער ערשט ביים אויפבויען פון אלטניילאנד און ביי זיין סאציאל־פאליטישע איינארדנען זיך.

די ערשטע שאלה וואס איז אין אלטניילאנד געבארען געווא־רען איז געוועזען: אויב פרעמדע, ניט־יודען, קאנען אויך אויפגענומען ווערען, אין דער נייער געזעלשאפט. דאס פאלק האט זיך געטיילט אויף צוויי פארטייען, די איינע פארטיע, די פריי־דענקער, די סבלנים האט געפיהרט דוד ליטוואק מיט ארחיטעקט שטיינעק, די אנדערע, די פאנאטיקער, די שאוויניסטען זענען געפיהרט געווארען דורך דעם דאקטאר גייער, איין איבערלעבעניש פון די אמאליגע דייטשע פראָ־טעסט־ראבינער, וואס האבען מלחמה געהאלטען א קעגען ציוניזם אין גלות אינ'ם נאמען פון דער יודישער מיסיע און קאסמאפאליטיזם. אצינד אבער, אז "אונזער הויז איז אויסגעבויעט געווארען", האבען זיי זיך א ווארף געטאן צוריק, זענען געקומען קין אלטניילאנד און גע־ווארען מיטגלידער פון דער נייער געזעלשאפט. נאר זייער האס א קעגען די ציוניסטישע פיהרער ווילען זיי אויסגיסען אין איין אנדער פארם, אין דעם בונטעווען דאס פאלק א קעגען די פרעמדע.

די שאלה האט געדארפט געשעט ווערען אויף דעם קאנגרעס, וועלכער האט געדארפט זיך צוזאמען קלויבען אין קורצען און דעריבער האט די מלחמה צווישען די צוויי פארטייען אויסגעבראכען אין אלע יודישע ישובים. יעדע פארטיע האט געוואלט, אז צום קאנגרעס זאלען קומען וואס מעהר דעלעגאטען פון איהר זייט. אין ניידארף האט אויך געדארפט פארקומען איין אספה וועגען דעלעגאטען און ליטוואק מיט שטיינעקען זענען טאקי צוליב דעם אראבגעפאהרען, כדי זייער אגי־טאציע אויסצונוצען.

אין ניידארף איז די גייערשע פארטיע געוועזען ניט שטארק אין צאהל, זי האט אבער דארט געהאט א שארפען פארשטעהער, איינעם פון די בעלי־בתים מיט דעם נאמען מענדעל.

אז פרידמאן דער ראש־הקהל האט אבגעהאלטען זיין רעדע, אין וועלכער ער האט אזוי הארץ־פריינדליך בעגריסט די פארטיי־פיהרער ליטוואק און שטיינעק, האט זיך מענדעל צו געשטיפט און מיט זיין דונער־שטימע אויך געבעטען א ווארט. דא איז געווארען א געפולדער, דער רוב עולם פון פרידמאנ'ס זייט האט געשריגען: "מענדעל זאל ניט רעדען!" מענדעל אבער האט זיך רוהיג און בעשטימט געזאגט: "איך וועל רעדען!" און א קלייגער עולם פון זיין זייט האט איהם אונ־טער געהאלטען מיט די אויסגעשרייען: "יא, ער זאל רעדען, נאר רעדען!"

דוד בערוהיגט די אספה מיט איין האנט אויפהעבען אונ זאגט: „געווים זאל ער רעדען!"

מענדעל רייצט זיך מיט זיינע געגנער: איהר זעהט! הער ליט־וואק איז קלוגער פון אייך, חמורים! אלזא וואס איך וויל זאגען איז נאר דאס, „אז פרידמאנ'ס רעדע איז ניט איינ'ס נאמען פון גאנץ קהל".

ווידער ווערד א לארם, א געפילדער. „א ודאי, א ודאי פון גאנץ קהל, שרייט מען, ער איז דאך דער פארשטעהער!"

מענדעל אבער זאגט ווייטער: „יא, די געסט בעגריסען דארף ער. דאס מוז ער איינ'ם נאמען פון אלע אונזערע ניידארפער בעלי־בתים. אבער אלע פארטיי־פיהרער דארף ער די הערען ניט אנגעמען. ביי אונז אין ניידארף זענען דא מענשען, וואס געהערען ניט צו זייער פארטיי. אונ דאס האב איך געוואלט איהר זאלט וויסען הער ליטוואק אונ הער שטיינעק".

מיט דיזער ערקלערונג זענען שוין אפילו די געגנער מענדעל'ס צופרידען געבליבען.

אויפ'ן פלאץ ווערד אויפגעשטעלט א רעדנער־בימה. אין דער פארזאמלונג לאזט זיך הערען א געשריי: „רב שמואל געהט!" אלע מאכען איהם א וואריע אונ ער פארנעמט זיין ארט. רב שמואל איז דער רב פון ניידארף איין אלטער יודישער רב פון רוסלאנד, וועלכער האט שוין פון אנהויב אן אנגעזעהן די וויכטיגקייט פונ'ם ציוניסטישען רעיון אונ האט זיך איהם אנגעשלאסען נאך אין יענער צייט, ווען אלע רבנים ובפרט די דייטשע, זענען געווען די ביטערסטע געגנער. מיט די ערשטע עמיגראנטען איז ער אנגעקומען קיין ארץ ישראל אונ געווארען א מיטגליד פון דער נייער געזעלשאפט. דעם נאמען ארום רב שמואל'ס הייזעל רופט מען: בן־שמואל.

(פארטזעצונג קומט).

משה קליינמאן.

# אלערליי.

— א ווערטער האלט אויס עקזאמען. צום פאפעטשיטעל פון קאווקאזער בילדונגס־ראיאן איז געקומען א ווערטער פון טיפליסער גימנאזיום אונ האט איהם געבעטען איין ערלויבניש צו האלטען עקזאמען אויף 6 קלאסען גימנאזיום. אלס קינד האט דער ווערטער געלערנט אין א דארפס־שולע. שפעטער ווען ער האט געדיענט אין מיליטער האט ער געלערנט פאר זיך, דערנאך, אז ער איז אנגעקומען אלס א ווערטער אין גימנאזיום האט ער מיט די הילף פון די שילער אויסגעלערנט אלץ וואס עס ווערד געלערנט אין גימנאזיום.




## I. אלגעמיינע נייעס.

— אין אלע רוסישע אייזענבאהנען האט מען אנגעהויבען צוצונעמען פרויען אלס קאסירער אין די סטאנציעס, עס ווערען אבער נאר צוגענומען פרויען, וואס האבען געענדיגט א גימנאזיום אונ זענען נ'שט יונגער פון 25 יאהר.

— אין בייערן האט פריילין גרעטע שילער אין מינכען בעקומען דעם טיטעל דאקטאר מעדעצין. דאס איז דאס ערשטע מאל אין בייערן, אז א פרוי זאל מען צולאזען ווערען דאקטאר.

— די יאפאנישע קייזערין, וועלכע איז בעוואוסט אלס דיכטערין אונ בעזיצט הויכע בילדונג, אינטערעסירט זיך זעהר פאר די בילדונג אין לאנד בכלל אונ איבערהויפט פאר די פרויען־בילדונג, נישט לאנג האט זי בעזוכט אין קיאטא די דארטיגע מערכען־שולע אונ דעם אוניווערזיטעט, וואו די סטודענטען האבען איהר מיט גרויס כבוד עמפאנגען. אויך מארגען האט זי אין ביידע לעהר־אנשטאלטען געשיקט היבשע סומעס געלד צו אונטערשטיצען די שילער, וואס קענען נישט צאהלען.

— אין אדעסא האט זיך געעפענט פעדאגאגישע קורסען פאר פרויען, אין די דאזיגע קורסען וועלען די פרויען קענען לערנען אלע פעדאגאגישע וויסענשאפטען.

— אין דעם נייעם לעהר־יאהר, וועט מען אין רוסלאנד צולאזען פרויען צו שטודירען ארכיטעקטור אונ רוסלאנד וועט אלזא זיין די ערשטע מדינה, וואו עס וועלען זיין פרויען בוי־מייסטער.

— אין די פאלקס־שולען פאר מיידלעך אין רומעניע וועט מען אנהויבען לערנען האנד־ארבייט.

## II. יודישע נייעס.

— פרוי עמיליע וועלטי־הערצאג אין בערלין איז בעשטימט געווארען אלס ערשטע געזאנג־מייסטערין אין די קעניגליכע אקאדעמישע האכשולע פאר מוזיק, וואו יוסף יאאכים איז דער דירעקטאר.

— ביי די עקזאמען פון היינטיגען יאהר אין ליבויער מערכען־גימנאזיום האבען 4 יודישע מיידלעך בעקומען גאלדענע מעדאלען.

— דער סענאט אין רוסלאנד האט ערקלערט, אז נאר דענסטמאך מעגען יודישע אקושערקעס וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, ווען זיי בעשעפטיגען זיך נאר מיט אקושערסטווא, אבער נישט מיט אנדערע זאכען.

— פרוי ס. א. ברוידע, א געבוירענע מאסקווער יודישע פרוי, איז געווארען דאקטאר אויף א פראנצויזישע שיף, פרוי ברוידע האט געענדיגט איהר שטודיום אין פאריז.

— אין דער פריוואט יודישער מערכען־שולע אין ליבוי פון פרוי שטערן טראצקא האבען זיך פינף שילערינען אויסגעצייכענט מיט זייער קענטנים אין דער העברעאישער שפראך אונ האבען באקומען געשאנקען העברעאישע ביכער.

# וועגען פרויען ערציהונג.

II.

די גרעסטע געלעהרנטע אין פסיכאלאגיע אונ פעדאגאגיע, אונ אויך דאס פראקטישע מענשליכע לעבען ווייזט אונז, אז אין גאנצען לעבען פון מענשען זאמלען זיך ביי איהם נישט אן אזוי פיעל איינדריקע ווי אין זיינע קינדער יאהרען אונ אלע איבריגע יאהרען פון לעבען קלויבט ער נישט צונויף אזוי פיעל קענטניש פון לעבען, ווי אין די פריהע קינדערישע יאהרען. אין יענער צייט פערזייעט דער מענש נישט פיהלענדיג דאס קערענדל פון די פרוכט וואס דארף שפעטער דערפון ארויסוואקסען.

דערפון קענען מיר פארשטעהן ווי ווייט וויכטיג עס איז פאר די גייסטיגע ענטוויקלונג פון קינד די איינדריקע פון זיינע פריהע קינדערשע יאהרען. אין יענער צייט ווערד דעם קינד'ס יונגעריגע נשמה'לע פשוט אויף שטיקלעך צעריסען פון דער גרויסער מאסע איינדריקע, וואס קומען איינס נאך דעם אנדערען אויף איהם, דעריבער

קאן גאר א מענש מיט א טיעף דורכבליקענדע אויג פארשטעהן די סבה וואס טייל מאל, אין א משך פאר א פאר שעה, וויינען זיי זיך פונאנדער, באלד פאלען זיי ארוים מיט א ווילדען קינדערשען געלעכטער און באלד פארטראכטען זיי זיך תמ׳עוואטע. האבען חאטש איינמאל עלטערן א קלער געגעבען וועגען דעם, פאר וואס איז דאס זייער קינד אזוי? מען ענטפערט דערויף באלד א פשוט׳ען תירוץ: „דאס איז א קאפריזנע קינד״; אבער עס מוז דאך זיין א סבה פאר וואס דאס קינד ווערד אזוי קאפריזנע. נאר ווער וועט דאס גיין זוכען סבות? מען ווייסט, אז א קאפריזנע קינד דארף מען בעשטראפען און גענוג... נאר ווייסען די וואס בעשטראפען זייער קינד, וואס זיי טוען? פארשטעהען זיי פאר וואס זיי בעשטראפען עס? וועמען זיי בעשטראפען, ווייסען זיי דען נישט, אז א קינד פון 5 6 יאהר פארשטעהט נישט דעם שטראף, אז פארברוגז׳דיג אין ווינקעל וועט ער ביטער וויינען, פיהלענדיג זיך בעליידיגט גאר אומזוסט? לאנג וועט ער חליפען און לאנג וועט איהם זיין קליין יונג הערצל וועה טוען, ביז די קינדערישע אויגלעך וועלען דערזעהן עפיס א פליגעלע קריכענדיג אויף דער וואנט, וועט ער זיך פאראינטערעסירען מיט איהם, און גיט נאר א קוק, וואס פאר א ליכטיגער שמייכעל עס בעוויזט זיך אויף זיין פינסטער פנים! צי פארשטעהען דען די עלטערן פון וואנען עס האט זיך גענומען דער שמייכעל אויף זייער קינד?

ווי דארף מען אין יענע קינדערשע יאהרען קוקען אויף יעדען טריט פון קינד! ווי וויכטיג איז עס צו פארשטעהן, אז דאס קינד אין די גאר יונגע יאהרען איז נישט מעהר ווי א שטיק וואקס. פון וועלכען מען קאן אויסקנעטען וואס מען וויל, און ווי וויכטיג איז עס צו וויסען, אז דאס וואס מען קנעט אויס פון קינד אין יענער צייט אט דאס בלייבט עס שוין אויף דעם גאנצע לעבען.

יא, אלץ וואס איז נאר מענשליך, אלץ וואס איז נאר הייליג, דאס גאנצע גליק פאר דעם מענשען שאפט ער זיך אן אין זיינע קינדערשע יאהרען און נאר אין יענער יוגענד־צייט קאן מען אין דעם קינדס נשמה׳לע אריינברענגען אלץ, וואס קאן איהם מאכען פאר א לייטישען מענשען!...

III.

ווער ערציעהט דעם קינד גאר אין די יונגע יאהרען? דער פאטער? ניין — ער קאן נישט און ער איז עס אויך נישט מחויב... ער קאן נישט, ווייל ער האט קיין צייט נישט, און איז נישט מחויב, ווייל ער טויג נישט צו ערציעהען א קינד פון 4 ביז 6 יאהר. דאס קינד דארף דענסטמאל נישט די קלוגשאפט פון דעם פאטער, נאר דאס הארץ פון דער מוטער, איהר ליבע, איהר צוגעלאזענקייט, איהר צערטליכקייט, וואס דער פאטער איז נישט אימשטאנד עס צו געבען. און דעריבער קאן נאר די מוטער, אין וועמעס הענט דאס קינד געפינט זיך אין גאנצען, אין יענער צייט מאכען פון דעם קינד אלץ וואס איהר געפעלט, זי קאן אויך דעריבער אין זיין נשמה אריינברענגען דעם אנהויב פון אלץ וואס איז גוט, שיין און הייליג, מיט אייןווארט, נאר די מוטער קאן אריינברענגען אין איהר קינד אלץ וואס הייסט „מענשליכעס״. און דאס קינד פיהלט עס זעהר גוט, און דאס ווייזט זיך ארוים אין דער ליבע, מיט וועלכע דאס קינד איז צו די מוטער איבערגעגעבען מעהר ווי צו דעם פאטער...

IV.

פיעל, פיעל יאהרען. אז מיר זוכען אויסצובעסערען די ערציעהונג. מען מאכט שטענדיג נייע תקנות, נייע ארדענונגען. און מען קאן נישט לייקענען, מיר האבען א סך אויסגעבעסערט. אבער... עס איז א וועהטוג צו זאגען, די גאנצע אויסבעסערונג איז נאר נוגע צו איין העלפט מענשען, נאר צו איין מין — צו די מאנסבילען. וויפיעל בלוט, טינט, פאפיר און וואס נאך ערגער וויפיעל „לעבען״ האבען מיר פארשוועגדעט, וועלענדיג אלץ אויסבעסערען די איינע העלפט! נאר קיין אמת׳ע אויסבעסערונג פון גרונד אויס האבען מיר נאך דערווייל נישט געזעהען, מיר ווארטען נאך, אז דאס וועט שפעטער אמאל זיין. וועט אבער קומען אזא צייט? יא, זי מוז קומען, אבער נאר מיט דעם איין תנאי. מען מוז פון גרונד אויס איבערמאכען די גאנצע היינטיגע סיסטעמע פון דער ערציעהונג בכלל און בעזונדערס די פרויען־ערציעהונג.

מעהר פון אלץ בעקלאגט מען זיך אויף די חדרים, אז דארטען ווערד דאס קינד פארדארבען, ער פארלירט דארטען אלע זיינע גוטע מדות, וואס ער ברענגט מיט פון דער היים, אויב ער איז פון א גוט ערצויגענע, געזיטעטע הויז, דורך די ווירקונג פון שלעכטע חברים, וואס זענען שוין אריינגעקומען אין דעם חדר פארדארבענע און מיט שלעכטע מדות. זעלטען, זעהר זעלטען, אז א קינד זאל זיין גענוג שטארק זיך צו קאנען אפהיטען פון די שלעכטע חברים, דאס רוב קינדער זענען שוואך און לאזען זיך לייכט אנרעדען צום שלעכטען, און דעריבער איז זעהר וויכטיג, אז באלד ווי דאס קינד הויבט נאר אן עטוואס צו פארשטעהן, זאל מען איהם איינפלאנצען גוטע זיטען און ווער איין אנדערער קאן דאס אויב נישט די מוטער?

מיר זעהען, אז די מוטער איז די ערשטע ערציהערין, די ערשטע פעדאגאגין פון מענשען. זי אליין קאן צושטעלען דעם חדר גוטע און ארענטליכע תלמידים. און ווי לאנג דאס וועט נישט זיין, איז די אלע נייע תקנות, נייע רעפארמעס בלוים פוסטע ווערטער. נאר פריהער פאר אלץ דארף מען דערצו האבען מוטערס.

V.

מיר רעדען גאר נישט וועגען די פראגע ווי צו ערציעהען און לערנען די פרויען. די פרויען לערנען ביי אונז זעהר ווייניג, בשעת וואן פאר יונגלעך זוכט מען שטענדיג אויסצובעסערען די ערציעהונג אין די חדרים, דערמאהנט מען וועגען די פרויען־ערציעהונג נישט איין ווארט. ווייל דאס זענען דאך נישט מעהר ווי „מיידלעך״, ביי זיי איז דען עפיס אויך א נפקא מינה ווי מען ערציעהט און לערנט. פאר א מיידל איז גענוג א שטיקל בעהעלפער, וואס קאן אפילו א ווארט עברי נישט. די מעטאדעס פון וועלכע מען לעהרנט מיט זיי זענען נאך די זעלבע ווי מיט צעהן דורות צוריק. ביי די לעהרער, ביי די עלטערן און וואס עס איז נאך ערגער, ביי די פרויען אליין קומט אויס, אז זיי דארפען גאר קיין פארבעסערונגען נישט פאדערען. די ווערטער „וואס קאן מען דען מעהר פארלאנגען, עס

איז דאך א מײדל נישט קײן יונגל", איז אנגענומען געװאָרען פאר אײן אמת, װאס מען קלערט גאר נישט מעהר װעגען דעם.

אבער מיר פארגעסען, אז די היינטיגע מײדלעך זענען די מאר־גענדיגע מוטערס, די ערציעהערין פון די "מענשהייט". דער חוב. וואס עס ליגט אויף דעם מאנסביל בנוגע צו די ערציעהונג פון די קומענ־דיגע מענשהייט איז זעהר אקליינער אין פארגלייך געגען דער פרוי. ווייסט דען א מיידל, אפילו שוין א געבילדעטע, וואס האט געענדיגט 7 קלאסען גימנאזיום, בשעת זי שטעהט אונטער דער חופה, וואס זי געהט טון? פארשטעהט זי וואס דאס הייסט זיין א מוטער? יא, זי פארשטעהט גאנץ גוט, וואס דאס הייסט "געבארען קינדער", זי פאר־שטעהט עס אזוי גוט, אז זי וויל אפילו נישט געבארען קיין קינדער.

VI.

ווייטער אזוי לעבען איז אוממעגליך. מיר מיינען עס נישט אויף א געלעכטער, מיר מיינען עס גאנץ ערנסט, אז דאס גליק פון דער מענשהייט אויף דער וועלט, העננט אב נאר פון דער פרוי. מיר זאגען עס איבער נאך אמאל, אז פריהער פאר אלץ דארפון מיר זאר־גען, אז עס זאל זיין מענשהייט, און דאס קענען פארשאפען די פרויען—די מיטערס, וועלכע מען דארף נאך פריהער בעשאפען. דע־ריבער האלטען מיר עס פאר זעהר טרויעריג, וואס עס איז נישטא קיין עקסטרא חדרים פאר פרויען. די היינטיגע חדרים אדער שולען וואס זענען דא קענען נישט טויגען צו דעם צוועק. ווייל זיי זענען נאכגע־מאכט די מענער־שולען. א מיידל דארף גאנץ אנדערש ערצויגען, אנדערש געלעהרנט ווערען. דער צוועק פון אונזער ארטיקעל איז נישט אנצואווייזען וועלכע למודים, וואספערע ערציהונג מען דארף זיי געבען. מיר ווילען נאר דא דעם עיקר דערווייזען. אז אזוי ווי מען האט ביז היינט ערצויגען די פרויען קאן מען זיי ווייטער נישט ערציהען, אז מען מוז זיי אנדערש ערציהען.

נ. מולנער.

---

### דרוקפעהלער.

אין "פאלקס־צייטונג" 34 אין דעם ארטיקעל "דאס אומויסטע שרעקען וד'", זייטע 2 שורה 1, אנשטאט "די בולגארען" דארף זיין "די מאקעדאנער".

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג "פאלקסבילדונג".

---

## פון דער אדמיניסטראציאן

אין קאמענעץ-פאדאלסק נעמט אויף אבאנענטען אויף די "יודישע פאלקס-צייטונג" ה' ישכר שווארץ.



Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b. Krakau



# זיכערע הילף!

**מ. פרייליך** אין לעמבערג (גראדעצקא 35) אין גאליציען איזט איין ברוכארצט. ווי עס דערען וועניגע אויף גאטעס ערדבאדען גיבט. ער איזט איין היילער שווערער אונד שווערסטער פאללע, ערשפארט דען ארמען קראנקען בלוטיגע איינגריפע אינר שווערע שמערצהאפטע אפעראציאנען, די ניכט זעלטען דען אינערביטטליכען טאד הערבייפיהרען די קורען פרייליכ׳ס זינד וואהרע וואונדערקורען אינד ווען וויר דאס זאגען, זא וויל דאס פיעל זאגען, דא אונזערע לעזער וויססען, דאסס וויר ערנסטע פארשער זינד אונד דיעזעס ווארט דאהער ניכט מיסברויכען. וויר האבען פאללע געזעהען, די אונז שטוינען מאכטען, פאללע שוויריגסטער ארט, די 2 טאגע נאך דער רעפאגירונג דורך איינע געניאלע באנדאזשען-מעטהאדע אין] ארדנונג געבראכט וואורדען. אונטער זאלכען אומשטענדען איזט די ערנענונג פרייליכ׳ס ניכט בלאס צום עהרען- זאנדערן זאגאר צום קארעספאנדירענדען-מיטגליעדע אונזערעס דייטש-איטאליעניישען היגעניע-אינסטיטוטס אונד איטערדעס די פערלייהונג אינזערעס עהרענדיפלאמס פיר וויסענשאפטליכע פערדיענסטע גערעכטפערטיגט. וויר ווערדען פערנער אין דער פראכט-אויסגאבע אינזערעס ווערקעס „הערפארראגענדע ארצטע דער געגענווארט" איין בעזאנדערעס קאפיטעל איבער דיעזען הערפארראגענדען מאן מיט איללוסטראציאנען איינינער בעדייטענדען קורען ברינגען. (מיטטהיילונגען אויס דעם דייטש-איטאליעניישען היגעניע אינסטיטוט אקטאבער 1904). (246)

---





---

דער ערשטער באנד פון „שלום עליכמ'ס אלע ווערק" איז שוין ארויס פון דרוק און **צעשיקט** געווארען אלע אבאנענטען וואס האבען אויסגעשריבען מיט די ווערק.

## אינהאלט פון ערשטען באנד:

I. דער ערשטער ארויספאהר. איין אמת'ע מעשה ווי אזוי צוויי יונגע פייגעלעך, וואס האבען ניט אנגעקוקט רעכט די ליכטיגע שיין, פליהען ארויס דאס ערשטע מאל אויף גאטס וועלט.

II. דאס מעסער׳ל. א טרויריגע געשיכטע פון די קינדער־יאהרען.

III. טביה דער מילכיגער. דריי ספורי מעשיות.
1) דאס גרויסע געווינס.
2) א בוידעם.
3) היינטיגע קינדער.

IV. אויפ'ן פידעל. א מעשה.

די איבעריגע 3 בענדער וועלען צעשיקט ווערען יעדע זעקס וואכען א באנד, אזוי או ביז צום סוף יאהר וועלען אלע 4 בענדער צעשיקט ווערען צו די אבאנענטען.

אבאנאמענטס פרייז:

פון 1־טען יולי ביז צום סוף יאהר די יודישע „פאלקס־צייטונג" צוזאמען מיט די 4 בענדער „שלום־עליכמ'ס אלע ווערק" — 4 רובל, פאר א האלב יאהר צוזאמען נאר מיט 2 בענדער 3 רובל, פאר א פערטעל יאהר צוזאמען מיט 1 באנד 1.50 רובל.

די צייטונג אהן דער פרעמיע: 1 רובל א פערטעל יאהר, 2 רובל א האלב יאהר.

שלום־עליכמ'ס אלע ווערק אהן דער צייטונג פערקויפען זיך ניט.

מיר בעטען די וועלכע ווילען אבאנירען די צייטונג אליין, אדער מיט דער פרעמיע זאלען זיך בעאיילען אויסצושרייבען אין דער צייט, ווייל די צייטונג און די פרעמיע דרוקען מיר נאך א געוויסע צאהל עקזעמפלארען.

## י. שעקמאן ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראבע
50 31 עם פלאטעע־וואארען. (128)




## היימישע מיטאגען!

צו מעסיגע פרייזען, אויך פער־שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי
**אהרן משכיל־לאיתן**
ווארשא, גענשע 13, וויאהנונג 7,
50-21 אין טהויער, 2 שטאק. (192)

---

בבית מסחר הספרים
**י. ראזומאווסקי בברדיטשוב**
ובהמחלקה שלו בווארשא. נאלעווקי 34
אצל א. צייל ענגאלד נמכרים כל מיני
(217) ספרים במקחים נמוכים. 13 50

---

## אתרוגים לולבים והדסים

ליעפערט גוט אונד בילליג די אין דער גאנצער וועלט בע־קאנטע פירמא
**Hermann Rath, Triest**
Oesterreich.
ביטטע אויספיהרליכע פרייזליסטע צו
6—1 פערלאנגען. (243)

---

1915 19 17 פאבריק פון פייערפעסטע
**אייזערנע קאססעס**
עמפפעהלט איהר אויס־ארבייטונג נאך נייעסטעם סיסטעם, קאנקורירט מיט די פרייזען אין פערגרע־סערט די №№ געגען אנדערע פאבריקען
פרייז קוראנטען פראנקא
Ш. Хари, Варшава, Новолипье 40

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ** 8-8
для сбыта издѣлій штемп. фабрики и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій напр. Каталоги и условія безплатно. Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ

---

## בית־מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל
**ווארשא ולאטע 63**
מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים
(210) 14 50 בתנאים נאותים למאד.

---

# ווינש־קארטען (לשנה־טובה)

### עם ציורים מציון!

פראכטפאללע ארבייט! 20 קארטען ווינש־קארטען (פאסט־קארטען) מיט פערשידענע שענע בילדער מארץ הקדושה. פרייז פאר א קאלעק־ציאן פון 20 שטיק מיט פּרטא 50 קאפ. סוחרים און ציוניסטישע פעראיינען בעקומען גרויסען ראבאט.

אויך געפינט זיך א פרעכטיגער אונגעהייער גרויסער אויסוואהל פערשידענע שענע קארטען אויסלאנדישע ווינש־קארטען, אנטיקען אונגעהייער ביליג! פאר 5 רובל בעקומט מען א פאלשטענדיגע קאלעק־ציאן ווינש־קארטען (וועניגער פון 2 רובל ווינש־קארטען ווערט מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט, ביז 1 רובל קען מען שיקען מיט פאסט־מארקען) אלע בעשטעלונגען ווערען ערפילט „שנעל און פינקטליך גוט און ביליג".

### קארטא פאלעסטינא.

דיזע קארטע ענטהאלט: אללע שטעדט, שטעדלעך, בייכען, טייכלעך, אלע אלטע און נייע קאלאניעס, צייגט אן: די גרענעצען פון די שבטים, וויפיעל מענשען יעדע קאלאניע האט און וויפיעל ערד יעדע קאלאניע בעזיצט א ד ג. דיזע קארטע איז פראכטפאל שען געדרוקט אין 8 שענע פארבען. פרייז 60 קאפ. סוחרים און ציוניסטישע־פעראיינע בעקומען גרויסען ראבאט. (וועניגער פון 5 קארטען ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט).

233 אדרעססע: 1—8
Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.

---

## פאבריק פון אייזערנע קאססעטקעס (קליינע קאססעלעך)

## A. LAMPRECHT

### CZERNIAKOWSKA 98, W WARSZAWIE

עמפפעהלט אויטאמאטישע שפאר־קאססע שטארק און שען געארבייט.
אנגרא פערקויף אין דער פאבריק
240 איינצעל פערקויף אין ווארשא ביי: 3-8
**K. BRUN, PLAC TEATRALNY.**

---

## די אלעמען בעוואוסטע אלער בעסטע:

I **מאשינען** צום פערפערטיגען אללערליי פריטען, יאגדעס, סעלטערס, סאדע וואססער און אנדערע מינעראל־וואססער, לימאנאד, פערשידענע קוואסען, פראנצויזישע זידענדע געטרענקע און ווינען: סידר, שאמפאניער, חערעס, שערי און אנדערע, צוגלייך אויך די בעשרייבונג און כלים דערצו, מיט וועלכע עס צו פערפערטיגען.

II **סיפאנען** שען און שטארק לויט די פראנצויזישע סיסטעמע.

III **דאמפף אפאראטען** צום **דעסטעלירען** און **אבערט־ייבען,**

VI **פאלשטענדיגע איינארדנונג צו אנשטאלטען** אויך מאכען אללערליי סארטען וואסערן **שמעלט צו** די פאבריק פון מאשינען און דער פאבריטשנע סקלאד פון קארקעס די בעסטע עסענצען. עפירען אין פאקעט א ד. ג און אייך אללע אנדערע זאכען, וואס עס געהערען און זענען ניטיג צו אלע פער־פערטיגונג פון מינעראל־וואסער און לימאנאד. 5—1

ИППО и Ко. въ Варшавѣ, Грибная ул. собств. домъ № 15н.

---

„אראנא־גורסקי, ווארשא, לעשנא 4 №.
דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטטען נאגניאטקעס (היגער־אויגען) בראדאוקעס און פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קאפ' און 60 קאפ. פארדערן איבעראל.
(129) 25—23

---

## Paryzkie nowe modele

rekomenduje znany magazyn
**Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów**
**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m 4.
Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki
w 24 godzin.
(148) 25—15

---

**אנשים חולים** קובץ ספורים מאת **א. ליבוש־צרי.**
מכיל: חולשת המשורר, מורך, האם מנמנמת, רוצח, החולם הקטן, המתיסס, מחיי כופר בכל.
**מחירו 25 ק' בלי המשלוח.**
פרי הספר מוקדש לטובת המורים העברים, שסבלו מן הפרעות בקישינוב. להשיגו בכל בתי מסחר הספרים העברים ואצל:
Издат. „Тушія" Варшава. Verlag »Tuschijah« Warschau.
5—7 בע"פ נובוליפקי 7 מעון 9 352

---

פריוואט־אנשטאלט פון קינדערצורין פון ד"ר וואוועלבערג, לעשנא 7, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבע־טורינס אומזאנסט. פיר פערמעגלי־כע בעזונדערע צימער פאר אצהלונג. אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרויען־קראנקהייטען פון 10 ביז 12 פריה. (20—9) 231

---

## א'מזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען אין נייהען אללערליי מלבושים. אדרעסע:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.
Адресъ: Я. Найдичъ, Варшава.

---

Оптическо-Хирургическій складъ
Н. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

רוכבענדער עלעקטרא־גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער. ברוך־ און בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גימי־שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס און הענד, שטוצנע אויגען, בריללען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע און שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע און חירורגישע אר־טיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק
**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**
אלין ווערד צו געפאסט דורך ספעציאליסטען
234 25—6

---

בבית־מסחר־ספרים של
**ז. ש. שרעבערק, ווילנא, סטעפענג.**
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Сребрка, 225 Вильна. 50—9

---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אויס גרינטליך, אויך דורך בריעפע
דער 25־יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן
Адресъ: Юдку Вейнблату
Варшава, Слизкая 22.
(105) 25—20

---

## א גרינגע און א זיכערע פרנסה!

קאן האבען אין אללע שטעדט פון רוס־לאנד און פוילען, ווער עס וועט צוטרעטען אלס שותף צו דער
**נייעסטע ערפינדונג**
**פון 20 טען יאהרהונדערט**
צו פעררייכטען אללערהאנד שוה־ווערק אהן נעטה וואו עס איז נישט צו דער־קענען דעם מינדסטען צייכען פון א לאטע עס מאכט אויך אנטערשייד וואס פאר א מין לעדער עס איז.
אללע איינצעלהייטען אנטוואורטע איך אין א בריעף ווער עס שיקט אריין א מארקע פון 7 קאפ. 242 3—3
אדרעססע: С. АКЕРМАНЪ
Новолипки 58, Варшава.